מענדעלע מויכער-ספאָרים



# מאסאָעס
# ביניאָמין האשלישי

אָגיז • מעלוכע-פארלאג «דער עמעס» מאָסקווע • 1948

מענדעלע מויכער-ספאָרים

# מאסאָעס ביניאָמין האשלישי



אָגיז * מעלוכע־פארלאג „דער עמעס" מאָסקווע * 1948

# אינהאלט

# קיצור
# מסעות בנימין השלישי [1]

### דאָס הייסט

## די נעסיָע אָדער א רײַזע־באשרײַבונג פון ביניאָמין דעם דריטן:

וואָס ער איז אפּ זײַנע נעסיָעס פארגאנגענ העט ווײַט, אזש אונטער די האָריי־כוישעכ [2], און האָט זיכ געכוג אָנגעזענ און אָנגעהערט כידושימ שיינע זאכנ, וואָס זיי זענענ ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ אלע שיווימ [3] לעשוינעס און הײַנט אויכ אינ אונדזער לאָשנ

### פון

# מענדעלע מויכער־ספאָרימ

## האקדאָמאס [4] מענדעלע מויכער־ספאָרימ

אָמר מענדעלי מוכר ספרים [5], זאָגט מענדעלע מויכער־ספאָרימ, געלויבט איז דער בוירע [6], וואָס באשטימט דעמ גאנג פון די גאלגאלימ [7] אינ די הימל אויבנ און דעמ גאנג פון זײַנע אלע באשעפעניש אפּ דער ערד אונטנ. אפילע א גרעזעלע קריכט נישט ארויס פון דער ערד, ביזוואנענ א מאלעכ שלאָגט עס נישט און זאָגט: וואקס! קריכ ארויס! מיקאָלשעקיינ [8] א מענטש, ער האָט

1 קיצער מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי. — 2 פינצטערע בערג. — 3 זיבעציק. — 4 די פאָרעדע. — 5 אָמאָר מענדעלע מויכער־ספאָרימ. — 6 דער באשעפער (גאָט). — 7 פלאנעטנ. — 8 איז דאָכ אוואדע; שוינ אָפּגערעדט.

אוואדע א מאלעכ, וואָס שלאָגט אימ און זאָגט: גיי, גיי, קריכ
ארויס! און מיקאָלשעקיינ נאָכ מער די פייַנע מענטשעלעכ, שיינע
ייִדעלעכ: זיי האָבנ דאָכ בעוואדע לעכאָל־האפּאָכעס א מייע קי־
טעס [1] מאלאָכימ, וואָס שלאָגנ איטלעכנ פונ זיי באזונדער און
זאָגנ אשטייגער אזוי: כייַקעלע, טייַערע נעשאָמע, גיי אנטלייַ
געלט, וויפל דו קענסט! גיי, גיי נעמ אָנ דאָרט בא די דייַטשנ
סכוירע, וויפל דו ווילסט! שפּראָצ, וואקס, כייַקעלע, קריכ ארויס,
שקאָצ איינער, פונ דער בלאָטע! גיי, גיי, גיי גאנווע שטילערהייט
ארויס די גאנצע סכוירע דייַנע, פונ דייַנ קלייט טאקע, און ענט־
פער דערנאָכ דעמ אוילעמ קוימעמיִעס [2]!.. גיי, גיי, איציקל קאָל־
בויניק, זייַ זיכ מאטריִעכ צו דייַנ פּאָרעצל, מאכ עפּעס א מא־
ניפּאָרגעלע [3], און רוימ אימ דאָרט אייַנ אינ אויער עפּעס א
פּיזמוינ [4] אפּ דעמ, אפּ יענעמ און אפּ וועמענ דו ווילסט... אָדער
די מאלאָכימ זאָגנ אזוי: וואקסט, שפּראָצט, קאפּצאָנימ, אינ
דער שטאָט, ווי גראָז, ווי קראָפּעווע! גייט, גייט, ייִדישע קינ־
דער, און שלעפּט זיכ ארומ איבער די הייַזער!.. גייט, באלעבא־
טימ, איר זיצט דאָכ א בלויז ליידיק און האָט נישט וואָס צו טאָנ,
גייט זשע, גייט, באלעבאטימ, אינ באָד ארייַנ!..

נאָר נישט דאָס אָבער בינ איכ אויסנ. איכ בינ אויסנ צו דער־
ציילנ דאָ אייַכ, ראבויסימ, ווי איינער פונ אונדזערע ברידער
איז פארגאנגענ העט־העט אינ די ווייַטע מעקוימעס און האָט
דערמיט קוינע־שעמ געווענ [5].

אלע ענגלישע און דייַטשע גאזעטנ זענענ פאראיאָרנ פול
געוועזנ מיט דער וווּנדערלעכער נעסיִע, וואָס ביניאָמינ, א פּוי־
ליש ייִדל, האָט געמאכט אינ די ארצוים־האמיזראָכ [6] ערגעצ.
„ס׳טייַטש, ס׳טייַטש, — האָבנ זיי זיכ געכידעשט, — א ייִד,

---

1 גרופּעס. — 2 דאָ געמיינט: אָנזעצנ. — 3 א שפּיצל, א דריידל. — 4 דאָ געמיינט:
א מעסירע. — 5 באַרימט געוואָרנ. — 6 מיזרעכ־לענדער.

א פוילישער ייִד, אָן קליי־זייַען, אָן מאשינעס, נאָר מיט א טאָר־בע אפ די פּלייצעס און מיט א טאלעס־ און טפילן־זאק אונטערן אָרעם, זאָל אָנשפּארן אין אזעלכע ערטער, וווּ גרויסע באריםטע ענגלישע רייַזנדע האָבן אהין נישט געקענט צוקומען? נישט אנדערש, אז דאָס איז געשען נישט מיט קיין מענטשלעכן קויעך עפּעס, נאָר מיט אזא קויעך, וועלכן דער סייכל קאָן קלאל נישט מאסיג זייַן 1, דאָס הייסט, דער סייכל איז פּונקט נישט אזוי בעקויעך, אזוי ווי דער דאָזיקער קויעך איז נישט בעסייכל. נאָר בעכאָל־האָויפּאנים, ווי די מייַסע איז שוין דאָרט געווען, ביניאָמינען האָט די וועלט צו דאנקען פאר די כידושים, גרויסע זאכן, וואָס זענען דורך אים אנטפּלעקט געוואָרן, און פון איצט אָן וועט די מאפּע אָדער די לאנדקארטע באקומען גאָר אן אנדער פּאָנעם. ביניאָמין פּארדינט מיט רעכט דעם מעדאל, וואָס די געאָגראפישע געזעלשאפט אין לאָנדאָן האָט אים געגעבן"...

די ייִדישע גאזעטן האָבן די דאָזיקע רייד אופגעכאפּט מיטביידע הענט און געהאט דערמיט צו זינגען און צו זאָגן דעם גאנצן פּאראיאָרעדיקן זומער, אזוי ווי איטלעכן, וואָס לייענט די דאָזיקע גאזעטן, איז באקאנט. זיי האָבן אויסגערעכנט אלע באכאָמים, וואָס זענען בא ייִדן געווען פון אָדאָם־האָרישן אָן ביז אצינד, ביכדיי צו באווייַזן, וואָס פאר א קלוג פאָלק ייִדן זענען. האָבן אויך אויסגעשטעלט א צעטל פון די נויסים (רייַזנ־דע) אין אלע צייַטן, פון ביניאָמין דעם ערשטן, מיט א זיבן הונ־דערט יאָר צוריק, און ביניאָמין דעם צווייטן מיט דער גאנצער כעוורע נויסים, וואָס וואנדערווענ הייַנט בא אונדז ארום. און ביכדיי מאפּליג צו זייַן 2 די נעסיִע פון אונדזער איצטיקן ביניאָ־מין, האָבן זיי, ווי דער שטייגער איז פון ייִדן, דערווייַל פון יענע

1 אופנעמען, באגרייַפן. — 2 אויסצוצייכענען; צו באַרימען.

בלאָטע געמאכט און געזאָגט, אז די גאנצע קנופּיע הײַנטיקע נויסים זענען טאקע נאָר פּראָסטע שלעפּערס, ווייסן נישט פון זייער כּיִעס. די גאנצע נעסיִעס זייערע, מישטיינס־געזאָגט, באַשטייט נאָר דערינען, ארומצושלעפּן זיך ווי מעקאבלים [1] איבער די הײַזער, זיי האָבן אלע א פּאָנעם ווי מאלפּעס אקעגן איצטיקן ביניאָמינ, אקעגן ביניאָמינ דעם דריטן, דעם עכטן עמעסן נויסייע [2]. זיי האָבן אפּ אים און אפּ די ספּאָרים, וואָס מען האָט געמאכט פון זײַן נעסיִע, געזאָגט, ווי געוויינטלעך, דעם געוויסן פּאָסעק: „לא בא כבושם הזה" [3], דאָס טײַטש: ס'איז נאָך אזעלכע בסאָמים, אזעלכע שמעקנדיקע געווירצ בא ייִדן קיינמאָל נישט געווען. געבענטשט און אײַנגעוויקלט מיט דימענטן זאָל ווערן דער דאָזיקער, — האָבן זיי אלע פּע־עכאָד [4] געזאָגט, — וועלכער עס וועט דעם טײַערן אויצער פון ביניאָמינס נעסיִע, וואָס געפינט זיך אין אלע פרעמדע לעשוינעס, איבערטראָגן אויך אין לאָשן־האקוידעש [5]. נעכטײַ לאָזן ייִדן, נעבעך, אויך פארזוכן די פּאטעקע, וואָס רינט פון ייִדישן בינשטאָק, און זאָל זיי דערפון ליכטיק ווערן אין די אויגן.

ואני [6] מענדעלע, און איך מענדעלע, וואָס מײַן קאוואָנע איז טאָמיד נוצן צו ברענגען אונדזערע ייִדעלעך קעפּי [7] מײַן מעגלעכקײַט, האָב איך מיך נישט געקענט אײַנהאלטן און געזאָגט: איידער די ייִדישע מעכאברים, וואָס זייער מינדסטער פינגער איז גרעבער פון מײַנע לענדן, איידער זיי וועלן זיך אויסשלאָפן ארויסגעבן די ספּאָרים פון ביניאָמינס נעסיִע אין לאָשן־קוידעש, וועל איך דערווײַל מיך פּרוּוון כאָטש א קיצער פון זיי ארויסגעבן אפּ פּראָסט ייִדיש. איך האָב אָנגעגורט מײַנע לענדן ווי א גיבער, און ווי אלט און שלאפּ איך בין, לוי־אלייכעם [8], האָב איך

1 בעטלערס. — 2 א רײַזנדער. — 3 לוי באָ קאבויסעם האזע. — 4 מיט איין מויל; ווי איינער. — 5 העברעיִש. — 6 וואאני. — 7 לויט; נאָך. — 8 ניט פאר אײַך גערעכט.

מיר פאָרט שטארקע מי געגעבן ארויסצובאקומען פונעם גרויסן אויצער אזעלכע איניאָנים, וואָס טויגן פאר די קינדער יִשׂראָעל, און צו דערציילן זיי פריַי, קעפּי מיַינ שטייגער. איך האָב עפּעס געפילט, ווי מען שלאָגט מיך פון אויבן מיט די ווערטער: הקיצה [1], מענדעלע, כאַפּ זיך אוף, מענדעלע, און קריך ארויס פון אונטער אויוון! גיי נעם אָן פולע הויפנס געווירץ פון ביניאָ-מינס אויצער און מאך דערפון פּאָטראַוועס צו דיַינע ברידער, אזוי ווי זיי האָבן ליב. איך בין מיט גאָטס הילף ארויסגעקראָכן און צוגעברייט די געשמאקע שפּיַיז, וואָס איך שטעל איצט דאָ פאר איַיך אנידער. עסט, ראַבויסים, לאָז איַיך ווויל באקומען! אוביזכוס דער נעסיִע לאָמיר גיך אין אלע זיַיטן זיך ווענדן און קערן, איטלעכער קעפּי זיַין גאנג און קעפּי זיַין באגערן, און ווען כאָלילע איינער באגייט עפּעס א פעלער, לאָז ער זיך אויס-דרייען גלאט ווי אפּ א טעלער, און בליַיבן טאָמיד גוט און פרום אי געערכט, אזוי ווי עס ווינטשט איַיך איַיער געטריַיער קנעכט הקטן [2] מענדעלע מ״ס.

---

1 האָקיצאָ. — 2 האקאָטאָנ — דער קליינער (דער קלייגווורדיקער).



## דאָס ערשטע קאַפּיטל

### ווער דער בנימין איז, פונוואַנען ער איז און ווי די נסיעה האָט פּלוצלים צו אים זיך גענומען

„כל ימי, — אַזוי זאָגט בנימין דער דריטער אַליין, כל ימי נתגדלתי 1 בעטונעיאַדעווקע, מײַן גאַנץ לעבן, דאָס הייסט ביז מײַן גרויסער נסיעה, בין איך ניסגאַדל געוואָרן 2 אין טונעיאַדעווקע. דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן, דאָרט בין איך דערצויגן געוואָרן, און דאָרט האָב איך לעמאַזל כאַסענע געהאַט עם אשתי 3, מיט מײַן פֿלויניסטע הצנועה מרת זעלדע תחיה“4.

1 קאָל יאָמײַ ניסגאַדאַלטי. — 2 זיך אויפגעצויגן. — 3 אים אישטי. — 4 האַצנואָ מאָראַס זעלדע טיכיע — דער פֿרומער האַרנטע זעלדע זאָל לעבן.

טונעיאַדעווקע, דאָס קליינע שטעטל, איז א פארוואָרפּנ ווינקל, אָנ דער זײַט פונעם פּאָטשטאָוונ טראַקט, קימאַט אָפּגעריסנ פונ דער וועלט, אזוי, אז ווענ אמאָל מאַכט זיכ, אײנער קומט אהינ צו פאָרנ, עפנט מענ די פענצטער, די טירנ און מענ קוקט פארוווּנדערט אָנ דעמ פרישנ פארשוינ. שכײנימ פרעגנ אײנער באַמ אנדערנ, ארויסקוקנדיק פונ די אָפענע פענצטער, א סאַכ מער ווי פיר קאַשעס: הא, ווער זאָל עס אזוינס זײַנ? פונוואַנענ האָט ער פּלוצלימ פונ דער העלער הויט אהער זיכ גענומענ? וואָס קענ אזעלכער באַדאַרפנ? האָט ער עפעס נישט א מײנ? עפעס אזוי גלאַט קענ עס ניט זײַנ, גלאַט אזוי דענ נעמט מענ און מענ קומט! מיסטאָמע ליגט דאָכ דאָ עפעס, וואָס מענ מוז עס דערגײנ... דערבײַ וויל איטלעכער ארויסווײַזנ זײַנ כאָכמע, זײַנ געניטשאַפט, און בויכ־סוואָרעס פאַלנ ווי מיסט. אלטע לײַט דערצײלנ מײַסעס און ברענגענ מעשאָלימ פונ אָרכימ, וואָס זענענ אינ דעמ און אינ דעמ יאָר געקומענ אהער צו פאָרנ. באַלע־האַמצאָעס [1] זאָגנ מיקויעכ דעמ ווערטלעכ, א ביסל עפעס נישט קײנ שײנע, מאַנצבל. האַלטנ זיכ באַ די בערדלעכ און שמײכלענ, אלטע ווײַבער זידלענ אָפּ די באַלע־האַמצאָעס אפּ קאַטאָוועס, מיט א בײזער אי מיט א לאַכנ אינײנעמ, יונגע ווײַבלעכ דערלאַנגענ פונ די אראָפּגעלאָזענע אויגנ א געבויגענעמ קוק פונ אונטנ ארויף, האַלטנ די האַנט אפנ מויל און שטיקנ זיכ, לאַכנדיק אינ קולאַק. דער שמועס מיקויעכ דעמ דאָזיקנ אינײענ קויקלט זיכ פונ שטוב צו שטוב, ווי א קויל פונ שנײ, און ווערט, קויקלענדיק זיכ, אלץ גרעסער, גרעסער, ביז ער קויקלט זיכ ארײַנ אינ בעסמעדרעש סאַמע אונטערנ אויוונ, אינ דעמ אָרט, וואָס אהינ פארקויקלענ זיכ אלע שמועסנ פונ אלערליי

1 דאָ: ווײַצלינגענ.

איניאָנים, הענ [1] סוידעס פונ שטוב=זאכנ, הענ פּאָליטיקע מיקויעכ סטאמבול, מיקויעכ דעמ טויגער [2] אומיקויעכ קירענ [3], הענ געלט=געשעפטנ, מיקויעכ ראָטשילדס פאַרמעגנ אינ פּארגלײַכ מיט די גרויסע פריצימ און די אנדערע גרויסע נעגידימ, וועהענ [4] פּאָטשטנ מיקויעכ די גזיירעס אומיקויעכ די רויטע ייִדלעכ אוכדוימע, אונ וואָס דאָרט ראזבירײַעט זיי קעסיידער א באזונ=דער קאָמיטעט פונ שיינע באטאָגטע [5] ייִדנ, וואָס זיצנ שטענדיק א גאנצנ טאָג ביז שפּעט אינ דער נאכט, זענענ מאפקיר ווײַב אי קינדער אונ גיבנ זיכ מיט די אלע געשעפטנ. טאקע עמעס געטרײַ אֶפּ, טוענ זייער זאכ בישליימעס [6], גלאט אזוי, לעשעמ=שאָמאַיִמ [7], נישט צו נעמענ פאר זייער מי, פאר זייער פּראצע אפילע א צעבראָכענעמ העלער [8]. פונ דעמ דאָזיקנ קאָמיטעט גייענ אָפּט די איניאָנימ אוועק אינ באָד אפ דער אייבערשטער באנק, אונ אינ א פּאָלנער סאָבראניע פונ שטאָט=באלעבאטימ ווערנ זיי דאָרט אויטוויערדעט, והכל שריר וקים [9], אז דערנאָכ זאָלנ אפילע קומענ קאָל מאלכיי [10] מיזרעכ אונ מײַרעוו, זיכ שטעלנ מיט דעמ קאָפּ אראָפּ אונ מיט די פיס ארופ, וועלנ זיי גאָרנישט פויעלנ. דער טויגער איז שיר איינמאָל נישט אומגליק=לעכ געוואָרנ אינ אזא סאָבראניע אפ דער אייבערשטער באנק, ווענ עטלעכע יוסטע באלעבאטימ זאָלנ נישט געווענ האלטנ מיט אימ בלאט, ווער ווייסט, ווו ער וואָלט איצט אָנגעשפּארט. ראָטשילד, נעבעכ, האָט שיר ניט פארלוירנ דאָרט עפּעס א צענ—פופצנ מיליאָנ. דערפאר האָט אימ גאָט געהאָלפנ אינ א פּאָר

---

1 סײַ; — 2 דער טערק. — 3 עסטרײַכ. — 4 אונ סײַ. — 5 עלטערע; באיאָרטע. — 6 דאָ: געוויסנהאפט. — 7 פונ גאָטס וועגנ. — 8 געמיינט: א גראָשנ. — 9 ווּעהאַ־קויל שאָריר וועקאיאָמ — אונ אלצ פארבלײַבט אינ קראפט אונ עקזיסטירט (א טראפארעטע צושריפט אינ סאָפ פונ א דאָקומענט פאר דער אונטערשריפט). — 10 אלע מעלאָכימ פונ...

וואָכנ ארומ. דער אוילעמ איז געווענ, ווי מענ זאָגט, בעגילופנ [1], אפ דער אייבערשטער באנק איז גראָד געווענ א ביסל לעבלעכ, די בעזעמלעכ האָבנ זיכ געהויבנ, אונ מענ האָט אימ מיט־אמאָל צוגעלאָזט ריינ פארדינסט אקעגנ א ק"נ [2] מיליאָנ קערב־לעכ!

די איינוווינער אליינ אינ טונעיארעוועקע זענענ, נעבעכ, קימאט אלע, לוי־אלייכעמ, גרויסע עוויונימ, שטארקע ראלפאָ־נימ. נאָר דעמ עמעס מוז מענ זאָגנ, זיי זענענ פריילעכע עוויוי־נימ, לוסטיקע קאפּצאָנימ, ווילדע באלע־ביטאָכנס. אז מענ זאָל, אשטייגער, פלוצלימ א פרעג געבנ א טונעיארעוועקער ייִדנ: פונ־וואנענ אונ וויִאזוי ער איז זיכ מעפארנעס [3]? בלייבט ער טכי־לעס שטיינ ווי צעמישט, ווייסט, נעבעכ, נישט וואָס צו ענטפערנ. נאָר שפּעטער א ביסל אָבער קומט ער צו זיכ אונ ענטפערט ביטמימעס [4]:

— איכ, ווי ארומ איכ לעב, איכ? עט, ס'איז דאָ א גאָט, זאָג איכ אייכ אָט־אָ, וואָס פארלאָזט נישט אלע זיינע באשעפעניש. ער שיקט צו, אונ וועט מיסטאָמע ווייטער צושיקנ, זאָג איכ אייכ אָט־אָ.

— פאָרט וואָס טוט איר אזוינס? האָט איר כאָטש עפּעס וואָס ס'איז פאר א מעלאָכע אָדער א פּארנאָסע אינ דער האנט?

— געלויבט איז האשעמ־יִיסבאָרעכ! איכ האָב, באָרעכ־האשעמ [5], אזוי ווי איר קוקט מיכ אָנ אָט־אָ, א מאטאָנע פונ זיינ ליבנ נאָמענ, א קיילע, א קאָל־נעגינע [6] אונ דאוונ מוסאָפימ [7]

---

1 דאָ: אופגעלייגט. — 2 ק א נ — 150. — 3 שפּייזט זיכ; קריגט פּארנאָסע. — 4 נאִיוו. — 5 גאָט צו דאנקענ. — 6 א קאָל צומ זינגענ. — 7 צוגאָב־טפילעס אומ שאבעס אונ יאָמטעוו.

יאָמימ־נויראָימ [1] אינ דער סוויווע. איכ בינ א מויעל אונ א מאצע־רעדלער איינער אינ דער וועלט. איכ פיר אמאָל אויס א שידעכ פיר איכ אויס, איכ האָב א שטאָט, אזוי ווי איר קוקט מיכ אָנ אָט־אָ, אינ דער שול. הײַנט האלט איכ אויכ, צווישנ אונדז זאָל עס בלײַבנ, א שענקל, וואָס מעלקט זיכ צוביסלעכ, איכ האָב א ציג, וואָס מעלקט זיכ, אָנ אײַנהאָרע, זייער גוט, אונ האָב נישט ווײַט פונדאנענ א רײַכנ קאָרעוו אָט־אָ, וואָס לאָזט זיכ אונטער א שלעכטער צײַט אויכ א ביסל מעלקנ. הײַנט כוצ די אלע זאכנ, זאָג איכ אײַכ אָט־אָ, איז גאָט א טאטע אונ די יִסראָעל זענענ ראכמאָנימ־בניי־ראכמאָנימ [2], זאָג איכ אײַכ אָט־אָ, נישט צו פארזינדיקנ!..

אויכ מוז מענ די טונעיאדעווקער אײַנוווינער דעמ שוואכ [3] נאָכזאָגנ, אז זיי זענענ צופרידנ, מיט וואָס גאָט גיט, אונ קלײַבנ כאָלילע אינ דער האלבאָשע [4] אונ אינ דעמ עסנ שטארק נישט איבער. אז די שאבעסדיקע קאפאָטע, אשטייגער, איז צעהאקט, צעפאלנ, צעריסנ, א ביסל פארשלומפערט אונ עפעס נישט אזוי ריינ, מאכט אויכ ניט אויס, אבי זי איז ·פאָרט פונ אטלעס אונ גלאנצט. אײַ ערטערווײַז קוקט ווי פונ א רעשעטע ארויס דאָס הוי־לע לײַב, מיילע, וואָס ארט עס וועמענ, ווער וועט זיכ דאָ אזוי שטעלנ צוקוקנ? לעמײַ פיאטעס, מיט וואָס איז דאָס ערגער פונ אויסגעריסענע פיאטעס? פיאטעס איז דענ נישט קיינ לײַב, קיינ מענטשנ־פלייש?.. א שטיקל ברויט מיט א קאָליש, אבי ס'איז נאָר דאָ, איז זייער א גוטער מיטיק. ווער שמועסט א בולקע מיט א ראָסלפלייש פרײַטיק, ווער עס האָט נאָר, דאָס איז טאקע א מײַכל־מעלאָכימ, קיינ בעסערס דערפונ איז שוינ, דאכט זיכ, אפ דער וועלט נישטאָ. לאָז מענ זיי דערציילנ, אשטייגער, פונ

1 ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפער. — 2 געמיינט: גרויסע באלראכמאָנעס. — 3 א לויב. — 4 קליידונג.

אנדערע מינע פּאָטראַוועס, כוצ פיש=יויכ, געבראָטנס אונ א
מערנ= אָדער א פאסטערנאק=צימעס, קומט זיי דאָס אויס עפּעס
מעשונע=ווילד אונ זאָגנ דערופ אָפּ פארשיידענע ווערטלעכ מיט
דעמ גרעסטנ געלעכטער, גלײַכ ווי דער, וואָס זאָגט עס, איז
נאריש, מעשוגע, אונ וויל זיי אויכ מאכנ מעשוגע, אײַנרעדנ
זיי א קינד אינ בויכ, א קו איז געפלויגנ איבערנ דאכ אונ געלייגט
אנ איי. א שטיקל באָקסער אינ כאמישאָ=אָסאָר [1], דאָס איז אזא
פּיירע, וואָס מעכײַע=נעפאָשעס. קוקנדיק דערופ, דערמאָנט מענ
זיכ אינ ערעצ=יִסראָעל, נישט איינ מאָל פארגלאָצט מענ דערבײַ
די אויגנ מיט א קרעכצ: אכ, ותוליכנו קוממיות [2], זאָלסט אונדז,
הארצעדיקער פאָטער, פירנ קוימעמיִעס, טאקע וואָס קוימע=
מיִעס הייסט, לארצנו [3], צו אונדזער לאנד, וואָס ציגנ עסנ דאָרט
באָקסערנ!.. אלפּי מיקרע [4] האָט איינער אמאָל אינ דעמ שטעטל
גראָד געבראכט א טייטל, האָט איר באדארפט זענ, ווִיאזוי מענ
איז דאָס געלאָפנ אָנקוקנ אפ כידושימ. מענ האָט אופגעמישט א
כומעש אונ געוויזנ, אז תמר [5], דער טייטל, שטייט אינ כומעש!
סטײַטש, דער טייטל, אָט דער טייטל וואקסט דאָכ פונ ערעצ=
יִסראָעל!.. קוקנדיק אפנ טייטל, האָט זיכ אויסגעַדאכט, ערעצ=
יִסראָעל איז פאר די אויגנ. אָט גייט מענ איבער דעמ יארדנ,
אָט איז די מעאָראס=האמאכפּיילע [6], דער מוטער ראָכלס קייווער,
דאָס קִויסל=מאראָווי [7], אָט באָדט מענ זיכ אינ חמי טבריא [8]. מענ

---

1 דער פופצנטער אינ שוואט (יאנוואר־פעווראל), ווענ, לויט אנ אלטנ רעליגיעזנ
מינהעג, עס איז אָנגענומענ צו עסנ באָקסער אונ אנדערע דאָרעמדיקע פּיירעס. —
2 ווּ עסוִילִיכייִנוּ קוּימעמיִוּס — ווּעסט אונדז פירנ האָפּערדיק. — 3 לעארציינו.
4 צופעליק. — 5 טאָמאָר. — 6 דער לעגענדארער קייווער פונ די אורפאָטערס אוורָאָהאָמ,
יִיצכאָק אונ יאנקעוו. — 7 א רעשטל פונ אנ אלטער וואנט אינ יערושאָלאיִמ,
וואָס די יִדישע רעליגיעזע טראדיציע האלט דאָס פאר דער מײַרעוו־וואנט פונעמ
אמאָליקנ בייס־האמיקדאָש (טעמפל). — 8 כ א מ יי ט עוו א ר י ע — דיווארעמע בעדער
פונ טיבעריע, וואָס ווערנ דערמאָנט אינ טאלמוד.

קריכט ארופ אפנ האר=האזױסימ [1], מענ עסט זיכ אָנ מיט באָקסערנ, מיט טייטלענ, אונ מענ לייגט אָנ פולע קעשענעס מיט ערעצ=ייִסראָעל=ערד. אכ! האָט מענ געקרעכצט, אונ אינ די אויגנ האָבנ איטלעכנ זיכ געשטעלט טרערנ.

„יענע צײַט, — אזוי זאָגט בינִיאָמינ, — איז גאנצ טונעיאדעווקע, ווי גרויס זי איז, געווענ אינ ערעצ=ייִסראָעל. מענ האָט געשמאק גערעדט פונ מאָשיִעכנ, אָט=אָט איז שוינ גאָטס פרײַטיק נאָכ האלבנ טאָג. דער נײַער פריסטאוו, וואָס איז נישט לאנג אָנגעקומענ, האָט גראָד בעיאָד=ראָמאָ [2] דענסטמאָל געפירט דאָס שטעטל, בא א פּאָר ייִדנ האָט ער אראָפּגעריסנ די יארמעלקעס, איינעמ אָפּגעשניטנ א פּייע, עטלעכע נעבעכ געכאפּט שפּעט בא דער נאכט אינ א געסל אָנ פּאספּאָרטנ, בא נאָכ איינעמ פארנומענ א ציג, וואָס האָט אופגעגעסנ א נײַעמ שטרויענעמ דאכ, אונ ער איז דערמיט אויכ געווענ די סיבע דערפונ, וואָס דער קאָמיטעט אונטערנ אויוונ האָט זיכ שטארק געדורעט מיט דעמ טויגער. אד=מאָסײַ [3] וועט דער שר של ישמעאל [4] אזוי שוילעט זײַנ? [5] מענ האָט אופגעמישט דעמ געוויינטלעכנ שמועס מיקויעכ די אסערעס=האשוואָטימ [6], ווי גליקלעכ זיי לעבנ דאָרט אינ יענע ווײַטע מעקוימעס, אינ געדולע, אוישער אונ קאָוועד. מענ

1 א בארג, ניט ווײַט פונ יערושאָלאימ. — 2 דאָ געמיינט: שטרענג. — 3 ביזוואנענ. — 4 ס א ר ש ע ל י יִ ש מ אָ ע ל — דער מאלעכ, דער הימלשער באשיצער פונ ייִשמאָעל (דאָ געמיינט: פונ די טערקנ). — 5 הערשנ, געוועלטיקנ (דער זינ פונ דער פראזע איז: ביזוואנענ וועט דער הימלשער באשיצער פונ די טערקנ האָבנ די מאכט אונ וועט ניט לאָזנ די ייִדנ קיינ ערעצ־ייִסראָעל). — 6 די צענ שוואָטימ, וואָס האָבנ אינ אוראלט באוווינט די מעלוכע „ייִסראָעל“, וועלכע אסיריע האָט כאָרעוו געמאכט אונ פארטריבנ אירע אײַנוווינער פונ פאלעסטינע אינ 719 יאָר פאר אונדזער ערע. אינ מיטלאלטער זײַנענ אופגעקומענ בא די ייִדנ פארשיידענע פאנטאסטישע לעגענדעס וועגנ דעמ, אז די צענ שוואָטימ עקזיסטירנ אלס א ייִדישע מעלוכע אינ אנ ערגעצ־לאנד, וואָס געפינט זיכ הינטער די „פינצטערע בערג“ (האָריי־כוישעכ) אפ יענער זײַט טײַכ „סאמבאטיענ“, אונ מע קאָנ צו זיי ניט צוקומענ.

האָט אפּירגענומען די רויטע יִדלעך [1], די בניי־מוישע [2], מיט גוזמאָעס מײַסעס פונ זייערע גווּרעס אוכדוימע. עלדאָד־האדאָני [3], עס פארשטייט זיך, האָט אויך געטאנצט אינדערמיט. יענער צײַט צומייסטנ האָב איך צו פארדאנקענ די נעסיִע מײַנע, וואָס איך האָב דערנאָך געמאכט.״

פריִער איז ביניאָמינ געווענ ווי א הינדעלע, וואָס ליגט אינ איי, אָדער ווי א וואָרעם, וואָס ליגט אינ כריינ, ער האָט געמיינט, אז אפ יענער זײַט טונעיאדעוועקע עקט זיך די וועלט, קיינ זיסער, קיינ בעסער לעבנ ווי דאָ איז גאָר נישטאָ.

„איך האָב געמיינט, — זאָגט ביניאָמינ ערגעצ אינ איינ אָרט, — אז רײַכער פונ אונדזער ארענדאר באדארפ מענ שוינ נישט זײַנ. א קלייניקײַט. עפּעס אזא שטוב מיט באלעבאטישקײַט: פיר פּאָר מעשענע לײַכטער, א זעקס־רערנדיקער הענגלײַכטער, אויבנ מיט אנ אָדלער, צוויי קופּערנע פּארעווע טעפּ, מיט א פינפ קופּערנע פענדלעך, א פּאָליצע צינערנע טעלער, אונ אוואדע אקעגנ א טוצ טעמבעקאָווע לעפל, צוויי זילבערנע בעכערלעך, א האָדעסל [4], א כאנעקע־לעמפּל, א ציבעלע־זייגער אינ צוויי קופּערטעס מיט א גראָב קייטל פונ זאמד־פּאטשערקעס, צוויי קי מיטאמאָל, אונ א טעלעצע אפ דער צײַט, צוויי שאבעסדיקע קאפּאָטעס אוכדוימע נאָך אונ נאָך אזא גוטס. איך האָב געמיינט, א כאָכעם איז טאקע נאָר איינ רעב אײַזיק־דאָוויד רעב ארנ יאָסעלעס סאָרע זלאטעס. א קאטאָוועס! מענ זאָגט, אז ער

1 די אײַנוווינער פונ דער פאנטאסטיש־לעגענדארער יִדישער מעלוכע. — 2 מוישעס קינדער — א פאנטאסטיש־לעגענדארער יִדישער שייוועט. — 3 א יִדישער רײַזנדער אנ אוואנטיוריסט פונ IX יאָרהונדערט. — 4 א בסאָמימ־פּושקעלע, וואָס ווערט באנוצט אינ יִדישנ רעליגיעזנ ריטואל.

האָט אמאָל אין דער יוגנט געהאט א יעדיִע אין טישבווירעס [1]. ער האָט געמעגט זײַן מיניסטער, ווען דאָס שטיקעלע מאזל זאָל אים נאָר דינען. ווער האָט נאָך, האָב איך געמיינט, אזא האר־ראס־פּאָנעם [2], אזא בענימעסדיק שמועסל ווי אונדזער כײַקל זאוִקע, אָדער ווער איז אזא מומכע [3], אזא דאָקטער, וואָס מאכט פון טויט לעבעדיק, ווי אונדזער רויפע, וואָס ער האָט, קעפי האשמוע [4], די כאָכמאס־האדאָקטאָריע געלערנט בא א ציגײַנער פון די כארטומיי־מיצראִים [5]".

האקלאל, דאָס לעבן אין זײַן שטעטל האָט ביניאָמינען זיך אויסגעוויזן זייער שיין, זייער גוט. ער האָט אפילע געלעבט אין דאכקעס [6], ער מיט זײַן ווײַב און קינדער זענען געגאנגען קרוע־בלוע. נאָר האָט דען אָדאָם־האָרישן און זײַן ווײַב, בעשאס זיי זענען געווען אין גאניידן, פארשטאנען זיך צו שעמען, וואָס זיי זענען נאקעט און באָרוועס? די ווּנדערלעכע מײַסעס אָבער פון די „רויטע יִדלעך“ און די „אסערעס־האשוואָטים“ זענען אים ארײַן טיף אין הארץ, און פון יענער צײַט אָן איז אים עפּעס ווי ענג געוואָרן אין זײַן שטעטל. עס האָט אים עפּעס געצויגן אלץ אהין, אהין דאָרט אין די ווײַטע מעקוימעס ארײַן. דאָס הארץ האָט אין אים זיך געצויגן, אזוי ווי קליינע קינדער ציִען זיך מיט די הענטלעך אקעגן דער לעוואָנע. דאכט זיך אין פלוג, וואָס איז אזוינס א טייטל, א פריסטאוו, א יארמעלקע, א פייע, א יִיד נעבעך, וואָס ווערט נילקעד [7] אין א געסל שפּעט בא דער נאכט, א ציג און א שטרויענער דאך? נאָר דאָס אלצדינג האָט אָנגעמאכט אין אים א גרויסע פארענדערונג. עס האָט געפירט

1 ברוכצאָלן. — 2 א שיינער (אימפּאָזאנטער) אויסזען. — 3 א ספּעציִאליסט. — 4 לויט די קלאנגען; ווי מע דערציילט. — 5 די מאגן, די קישעפמאכער פון עגיפּטן (מיצראִים). — 6 ענגשאפט, אָרעמקײַט. — 7 געפאנגען.

דערצו, אז ער זאָל באַגליקן די וועלט מיט זײַנע באַרימטער נעסיָע. אין דער וועלט זעט מען נישט איין מאָל, ווי פון קליינע סיבעס קומען אַרויס גרויסע, זייער גרויסע זאַכן. דערפון, וואָס דער מוזשיק האָט געזייט ווייץ און קאָרן, וואָס דער מילנער האָט עס געמאָלן, וואָס דערפון איז אַ טייל אַרײַן אין דער גאָראַלניע און געוואָרן בראָנפן, און אַ ביסל פונעם מעל איז אַרײַן אין גיטל דער שענקערנס הענט, וואָס זי האָט עס געראָשטשינעט, געקנאָטן, געקאַטשעט און געמאַכט קנישעס, מעצורעפּ־לאָזע 1, וואָס די פעניציער האָבן מיט טויזנטער יאָר צוריק אַנטדעקט די האַמצאָע, ווי מען מאַכט גלאָז, און דורך דעם איז אַרויסגעקומען קויסעס אי קעלישקעס, — אָט פון די דאָזיקע אַלע קליינע סיבעס זענען באַ אונדז אין אַ סאַך שטעט אַרויסגעשפּרונגען יענע ווילדע קאָהאָלס־לײַט, יענע מעשונע־באַרימטע פּײַנע־בעריעס...

מען גלעכט איז, אין ביניאָמינען איז געלעגן אַ ניצעץ 2 פון אַ נויסייע, נאָר דער ניצעץ וואָלט פאַרלאָשן געוואָרן, ווען די סיבעס און די מײַסעס פון יענער צײַט וואָלטן אים נישט אופגעבלאָזן. און ווען אפילע דער ניצעץ וואָלט נישט פאַרלאָשן געוואָרן אינגאַנצן, וואָלט ער, ווען נישט די דאָזיקע סיבעס אין יענער צײַט, געהאַט אַזאַ קליינעם קויעך, אַז פון ביניאָמינען וואָלט מיט דער צײַט אויסגעוואָקסן אַ וואַסערפירער, אָדער ווען פיל — אַ באַלעגאָלע.

איך האָב אין מײַן לעבן באַגעגנט זייער פיל באַלעגאָלעס און שמײַסערס, וואָס זיי זענען מעסוגל געווען 3 צו

---

1 צוגעגעבן דערצו. — 2 אַ פונק. דאָ געמיינט: אַ טאַלאַנט. — 3 פעיִק געווען.

זײַנ אזעלכע גויסים גלײַכ כ'לעבנ ווי יענע, וואָס וואנדרע=
ווענ הײַנט ארום צווישנ יידנ... נישט דאָס אָבער בינ איכ
אויסנ.

פונ יענער צײַט אָנ פלעגט ביניאָמינ מיט גרויס כיישעק
זיכ פארטיפנ אינ ראבע=באר=באר=כאָנעס [1] נעסיִעס אפנ יאם
אונ אינ דער מידבער. ער האָט אויכ דערטאפט שפּעטער דעמ
סייפער „אלדד הדני" [2], דעמ סייפער „מסעות בנימין" [3], וואָס
ער האָט מיט א זיבנ הונדערט יאָר צוריק געריײַזט ביז עק וועלט,
דעמ סייפער „שבחי ירושלים" [4], מיט הויסאָפּעס, אונ דעמ
סייפער „צל עולם" [5], וואָס אינ זיבנ קליינע בלעטלעכ איז ער
קוילעל [6] אלע שעווע=כאָכמעס [7] אונ דערציילט כידושים=וועני=
פלאָעס פונ דער גאנצער וועלט אונ פונ אירע מעשונע וויל=
דע באשעפעניש. די דאָזיקע ספאָרים האָבנ אימ געעפנט די
אויגנ אונ אימ איבערגעקערט פּאָשעט גאָר פאר אנ אנדער
מענטשנ.

„פונ די וווּנדער=שיינע מײַסעס דאָרט, — דריקט זיכ אזוי
ביניאָמינ אויס אינ זײַנ סייפער, — פלעג איכ שטארק ניספּאָעל
ווערנ. אײַ, אײַ! פלעג איכ נישט איינ מאָל פאר גרויס היספּײַ=
לעס א געשריי טאָנ, ווי העלפט מיר גאָט כאָטש א הונדערטל
דערפונ צו זענ מיט מײַנע אויגנ! דער קאָפּ מײַנער האָט גע=
טראָגנ ווײַט=ווײַט"...

---

1 איינער פונ די טאלמוד־געלערנטע פונ סאָפ III יאָרהונדערט. אינ זײַנ נאָמענ ווערט אינ טאלמוד געבראכט פיל פאנטאסטישע מײַסעס אונ רײַזע־פאסירונגענ. — 2 „עלדאָד האדאָני" (זע זײַט 171). — 3 „מאסאָעס ביניאָמינ" (זע זײַט 169). — 4 „שיווכיי־יערושאָלאיִמ" (זע זײַט 171). — 5 „צייל אוילאָמ" (זע זײַט 171). — 6 נעמט ארומ, אנטהאלט. — 7 זיבנ וויסנשאפטנ. געמיינט: אלע וויסנשאפטנ.

פונ דענסטמאָל אָנ איז אים טונעיאדעווקע שוינ טאקע געוואָרנ צו ענג, ער האָט בא זיכ גוימער געוועג 1 ארויסצוכאפנ זיכ פונ דאָרט מיט אלע קויכעס, גלייַכ ווי א הינדעלע, וואָס הייבט זיכ אָנ אויסצופיקנ אונ ארויסקריכנ פונעם איי אפ דער ליכטיקער וועלט.

1 באשלאָסנ.





## דאָס צווייטע קאַפּיטל

### ווי בּיניאָמינ ווערט א קאָדעש [1] אונ זעלדע אנ אגונע [2]

בּעטעווע איז אונדזער בּיניאָמינ, דער נויסייע, געווענ א ווילדער באַל־פּאַכדנ [3], הײַנע [4] בּא דער נאַכט פלעגט ער מוירע האָבּנ צו גײנ אפּ דער גאַס; שלאָפֿנ אײנער אלײנ אינ א שטוב וואָלט ער נישט געוואָלט, מענ זאָל אים אָפּגילטנ. ארויסצוגײנ א בּיסל ווײַט פונ דער שטאָט האָט בּא אים געהייסנ פּאָשעט זיכ אײַנשטעלנ דאָס לעבנ, מאַלע וואָס קענ, כאָלילע, געשענ. פּאַר א ליאַד הינטל האָט ער געציטערט אײמאַס־מאָוועס [5].

„אײנמאָל, — אזוי דערציילט בּיניאָמינ, — אײנמאָל, איכ

1 א הייליקער, א מאַרטירער. — 2 א פרוי, וואָס דער מאַנ האָט זי געוואָרפנ צוּנ א געט, האָט זי, לויטנ רעליגיעזנ געזעצ, קיינ רעכט ניט כאַסענע האָבּנ מיט אנ אנדערנ. — 3 א שרעקעדיקער. — 4 נעמלעכ; אשטייגער. — 5 טויט־שרעק.

געדענק עס ווי היַינט, דאָס איז געווען טאַמעז, אין א שרעקלעכ הייסנ טאָג, איז אונדזער ראָוו מיט איינעם פונ זיַינע לײַט גע־גאנגענ זיכ אָפּטויוולענ אינ דעם טײַכל, וואָס אונטער דער שטאָט. איכ מיט א פּאָר יִינגלעכ, מײַנע כאוויירים, זענענ מיט גרויס דערעכ־ערעצ נאָכגעגאנגענ פונ הינטנ, אונ געווענ בא זיכ זייער זיכער, אז מיר וועלנ נישט האָבנ קיינ שום שלעכטע באַ־נעגעניש אונ, אימ־יִרצע־האשעם, קומענ צוריק בעשאָלעם אהיים, געדופעט אפ דעם ראָוו. עפּעס א קאטאָוועס א ראָוו, וואָס פאר אימ האָט דערעכ־ערעצ א וועלט, וואָס קיינ עלטערס פאר אימ איז שוינ גאָר נישטאָ! וואָס דער טיטל זײַנער פארנעמט א בלעטל פּאפּיר... דער ראָוו, אונדזער באשיצער, איז מיט ברייט־קײַט געגאנגענ היפּש פריִער פאר אונדז, אונ אז ער האָט גע־האלטנ אינ אויסטאָנ זיכ, איז אינמיטנ־דערינענ אָנגעקומענ עפּעס א שייגעץ אונ אפּ אימ אָנגערייצט זײַנ הונט. אונדזער באשיצער איז נישט טויט־לעבעדיק אנטלאָפנ, צוגעהאלטנ, מע־כילע, די אָפּגעשפּיליעטע טאכטוינים [1] מיט איינ האנט אונ מיט דער אנדערער דאָס קײַלעכדיקע געשטעפּטע פעלפּענע היטל. מיר יִינגלעכ זענענ אוואדע מעוו־לוול געוואָרנ. דענ, אז דער ליוויאָסנ ווערט אפּ דער וועַנטקע געכאפּט, וואָס זשע, נעבעכ, זאָלנ שוינ טאָנ די פּלאָטקעס אינ דער בלאָטע? מיר האָבנ אָנגע־גורט אונדזערע לענדנ אונ געשווינד ווי די הירשנ געלאָפנ פּאָ־רויס מיט א גוואלד, מיט א ביטער געשריי, ביז מיר זענענ אזוי הענדום־פּענדום אָנ א נעשאָמע איניינעם מיט אונדזער גיבער ארײַנגעלאָפנ אינ דער שטאָט. ס'איז געוואָרנ א מעהומע, א צונויפלויפעניש, א ליארעמ: עס ברענט! מענ הארגעט, מענ שלאָגט! איינער פונעמ אנדערנ האָט נישט געוווּסט."

---

1 אונטערהויזנ, הויזנ.

אז ביניאָמינ האָט פירגענומענ די נעסיִע אינ די ווײַטע מעקוימעס, איז בא אימ געבליבנ קוידעמקאָל זיכ צו שטארקנ אוועקצוּווארפנ דעמ פאכעד. ער האָט זיכ געצוווּנגענ דאפקע גיינ אליינ שפעט בא דער נאכט, דאפקע שלאָפנ איינער אליינ אינ א כיידער און דאפקע ארויסגיינ אָפט אונטער דער שטאָט, כאָטשע דאָס האָט אימ געקאָסט געזונט, און איז פאר שרעק, נעבעכ, פונעמ פּאָנעמ אדאָפּ. די נײַע האנהאָגע[1] זײַנע אינ דער היימ און אינ בעסמעדרעש, זײַנ פארטראכט בלייכ פּענעמל און זײַנ פארפאלנ ווערנ אָפט אָפּ עטלעכע שאָ פונ דער שטאָט איז איטלעכנ געוואָרנ עפּעס א פּליִע[2]. מענ האָט אימ גענומענ אינ מויל ארײַנ און פונ אימ געשמאק גערעדט. א טייל האָבנ געזאָגט: נישט אנדערש, ער איז מעשוגע, כאָסער-דייע. איינמאָל, אזוי האָבנ זיי געדרונגענ, איז ביניאָמינ טאקע געווענ טאָמיד א ביסל שויטעוואטע, עס האָט אימ געפעלט אינ קאָפּ א קלעפּ-קע; צווייטנס, איז שוינ טאקע אינ טונעיאדעווקע לעערעכ עטלעכע יאָר נישט געווענ קיינ מעשוגענער, און ווי שיקט זיכ. עס עפּעס? מיר האָבנ דאָכ א קײַמעלאָנ[3], הא, ווי זאָגט מענ עפּעס: עיר ועיר וחכמיה, עיר ועיר ומשוגעיה[4], איטלעכע שטאָט מיט איר כאָכעמ אי מיט איר מעשוגענעמ. ביפראט נאָכ הײַנט אינ אזעלכע גרויסע היצנ. פּאָשעט איז פּאָשעט, בינ-יאָמינ איז מעשוגע. ווידער א טייל, און בעראָש פונ זיי רעב אײַזיק-דאָוויד רעב ארנ-יאָסעלעס סאָרע-זלאטעס, האָבנ גע-מאכט: עט, עט!.. טאקע נאָכאמאָל עט! עמעס טאקע, ביניאָמינ איז שויטעוואטע, טאקע שטארק שויטעוואטע, נאָר דערפונ איז נאָכ קלאָל נישט געדרונגענ, אז ער מוז ווערנ אי מעשוגע,

---

1 אופירונג. — 2 א וווּנדער. — 3 דאָ געמיינט: אנ אָנגענומענער קלאָל. — 4 איר וואָיִר וואכאכאָמעהאָ, איר וואָיִר אומעשוגאָעהאָ.

וואָרעם, זעלט עס אנדערש זײַן אזוי. איז דאָך די קאשע, פארוואָס גראָד אצינד און נישט פריִער? אדעראבע-וועאדעראבע, דערצו האָט ער געהאט צײַט אי פארצווייִאָרן אי פאראיאָרן זומער, וואָס די היצן זענען דענסטמאָל געווען א גוזמע גרעסער. איַי, וואָס איר זאָגט, טונעיאדעוועקע איז, ווערליק דעם קײַמעלאָן, נישט ערגער פון אנדערע שטעט, מיילע, בלײַבט דאָך טאקע אלץ די קאשע, פארוואָס איז עטלעכע יאָר לעערעך נישט געווען דאָ קיין מעשוגענער? איַי, וואָס טוט מען ווידער צוריק מיט דעם קײַמעלאָן? דער טערעץ איז אָבער — אונדזער טײַך. דער טײַך אונדזערער, האָבן מיר דאָך א קײַמעלאָן, נעמט זיכער צו פון אייביק אָן א מענטשן אלע יאָר, און פונדעסטוועגן האָט ער שוין א פּאָר יאָר קיינעם נישט צוגענומען! פארקערט, ער אליין איז אין די פּאָר יאָר אָפּגעפאלן, אז ערטערווײַז קען מען מאַמעש אים איבערגיין טרוקן-פוס... איַי, ביניאָמין? וואָס טוט מען מיט ביניאָמינען? בלײַבט טייקו[1], א קאשע. דער גרעסטער טייל אָבער, און צווישן זיי די ווײַבער, האָבן געזאָגט: ער מוז האָבן צו טאָן מיט זיי... ער פּאָרעט זיך אוואדע מיט אים... מיט דעם באל-דאָוואָר[2]... וואָס דען זשע בראָדזעט ער אליין באַנאכט אין דער פינצטער? וואָס דען זשע ווערט ער אמאָל פארפאלן אפ עטלעכע שאָ? וואָס דען זשע שלאָפט ער איינער אליין אין ספּיזשארנע? זעלדע, זײַן אייגן ווײַב, דערציילט אויך, אז זי האָרכט בא דער נאכט, ווי מען קלאפּט בא אים אין ספּיזשארנע, זי האָרכט א קלאפּעריַי, ווי מען גייט דאָרט מיט פיס...

דער דאָזיקער שמועס מיקויעך דעם איניען האָט, ווי גע-ווײַנטלעך, זיך אוועקגעקויקלט אהין אונטערן אויוון. פון דאָרט

---

1 א טאלמודישע פאָרמולע, וואָס באטײַט, אז אפ דער געשטעלטער פראגע איז קיין ענטפער ניטאָ. באם לערנען טאלמוד פלעגט דאָס וואָרט „טייקו“ געטײַטשט ווערן: „בלײַבט א קאשע“. — 2 דאָ געמיינט: דער שעד, דער טײַוול.

אינ דער סאָבראַניע אפּ דער אייבערשטער באַנק. מענ איז איבער ביניאָמינענ דאָרט צווישנ זיכ נאָכ נישט פארטיק געוואָרנ. נאָר דערווײַל איז געבליבנ מוסקעם 1 בא אלע, מענ זאָל צונויפשטעלנ א קאָמפּאַניע פונ א פּאָר שיינע ייִדנ מיט דעם סויפער 2, וואָס זיי איניינעם זאָלנ ארומגיינ אינ אלע הײַזער, קעסיידער נאָכנ צעטל, אונ אומעטום בוידעק זײַנ 3, רעווידירנ די מעזוזעס. אונ ווײַל די סאָבראַניע האָט אפּ דעם איניענ געקוקט ווי אפּ א קאָהאָל־שער זאכ, א פּ אָ ל ז ע פאר דער שטאָט, לאָכיינ 4 איז געבליבנ, אז ביכדיי אויסצושטיינ די הויצאָעס, וואָס אזא קאָמפּאַניע באדארפּ קאָסטנ, זאָל מענ ארופצייִענ דעם מעקעכ פונ פלייש... אינ טונע־יאדעווקע איז דאָ א ווערטל: פונ וואָס מענ זאָל ניט שמועסנ, מוז ארויסקומענ אפּנ טויט, אונ פונ וואָס מענ זאָל נישט רעדנ אפּ אנ אכיפע 5, מוז מענ אויסלאָזנ מיט דער טאקסע 6 פונ פלייש. אונ בעעמעס איז עס טאקע אלפּי דערעכ־האטעווע, אנ־דערש קענ עס טאקע גאָר נישט זײַנ, דער ס יי כ ל איז אויכ אזוי מיסכײַעוו 7, וואָרעמ: סוף כל אָדם למות, וסוף יהודי לטאקסע 8, דאָס טײַטש: דער סאָפ פונ א מענטשנ איז צו שטארבנ, אונ דער סאָפ פונ א ייִדנ — צו צאָלנ טאקסע! דער טויט אונ די טאק־סע — דאָס זענענ בעטעווע אזעלכע צוויי זאכנ, וואָס מענ קענ פונ זיי בעשום־אויפנ נישט פּאָטער ווערנ. אזוי האָט דער איי־בערשטער באשאפנ די וועלט, אונ ווי ער האָט זי באשאפנ,

1 געקומענ צו א העסקעמ; מע האָט באשטימט. — 2 דער, וואָס שרײַבט מיט א פעדער (פונ א פויגל) אפּ כּארמעט רעליגיעזע שריפטנ לויט דער אָנגענומענער טראַ־דיציע (סייפער־טוירעס, מעזוזעס אדגל.). — 3 איבערקוקנ, רעווידירנ. — 4 דעריבער. — 5 פארזאמלונג. — 6 דער שטײַער אפּ „קאָשער“ פלייש באמ צאריזמ, וואָס איז געווענ א ביז גאָר שווערע לאסט אפּ דער ייִדישער אָרעמשאפט. — 7 געמיינט: די לאָגיק פאָדערט. — 8 סאָפ קאָל אָדאָמ לאָמוס וועסאָפ יעהודי לעטאקסע.

אזוי איז גוט, אזוי געהער עס זיכער צו זײַנ. קאשעס פרעגנ נאָר אפיקאָרסים...

שפעטער א ביסל האָט מיט בינִיאָמינענ זיכ פארלאָפנ א מײַסע, וואָס ער האָט מיט איר קוינע-שעם געווענ. ארויסגייענדיק איינמאָל פונ דער שטאָט, טאמעז אינ א הייסנ טאָג, צוועלפ אזייגער אינדערפרי, סאמע ווענ די זונ האָט געבראָטנ, איז ער פארגאנגענ טיפלעכ אינ א וואלד, אקעגנ א דרײַ טכום-שאבעסנ 1 פונ דער שטאָט. מיט זיכ אינ דער קעשענע האָט ער געהאט זײַנע ספאָרים, וואָס אָנ זיי פלעגט ער נישט גיינ קיינ טריט. ער איז געזעסנ אינ וואלד אונטערגעלענט אונטער א בוימ אונ האָט געשמאק געטראכט. צו טראכטנ האָט ער געהאט זייער פיל. באלד איז אימ דער קאָפּ פארפלויגנ ווײַט אהינ אינ יענע לענדער אינ עק וועלט. ער איז געגאנגענ איבער בערג, איבער טאָלנ, איבער מידבאָריעס אונ אלע ערטער, וואָס שטייט אינ זײַנע ספאָרים. ער האָט געוואנדרעוועט פוס-טריט נאָכ אלעקסאנדער מוקדנ 2, נאָכ עלדאָד-האדאָני אוכדוימע, ער האָט געזענ דעמ שרעקלעכנ פיפערנאָטער 3, דעמ לינדנוואָרעמ 4, שלאנגענ, עגדעשנ אונ אלע מינע שלעק מעשולאכעסנ 5. ער האָט זיכ צונעשלאָגנ צו די רויטע יידלעכ אונ גערעדט מיט די בניי-מוישע. דערנאָכ איז ער בעשאָלעמ צוריקגעקומענ צו זיכ אונ האָט געטראכט, וויאזוי אונ ווענ זשע זאָל ער שוינ טאקע מאכנ די נעסיִע.

אינ מאכשאָווע סנ איז דערווײַל צונעפאלנ די נאכט. ער איז אופגעשטאנענ, אויסגעגלײַכט די ביינער אונ זיכ געלאָזט גיינ.

---

1 דער מעהאלעכ, וואָס לויטנ טאלמודישנ געזעצ איז דערלויבט א יידנ צו גיינ אומ שאבעס אויסער יישעוו. — 2 דער באַרימטער גריכישער קייסער (356‒323 פאר אונדזער צײַרע), וואָס א סאכ לעגענדעס וועגנ אימ זײַנענ פאראנ אינ דער טאלמודישער אונ מיטלאלטערלעכער יידישער ליטעראטור. — 3 א פאנטאסטישע גיפטיקע שלאנג. — 4 א פאנטאסטישע כײַע (דראקאָנ). — 5 געמיינט: צושיקענישנ.

אהיים. ער גייט און גייט — נאָך אלץ נישט פונעם וואלד ארויס. ער גייט א שאָ, צוויי, דרײַ, פיר שאָ, ס'איז קיין סאָף, קיין עק. ער האָט נאָך טיפער אין וואלד זיך פארשלאָגן, און דאָ איז פינצ־טער, כאָטש אן אויג ארויסצונעמען. פּלוצלים איז נאָך געוואָרן א שטורעם־ווינט מיט א שלאקסרעגן, עס האָט געבליצט, גע־דונערט, און די ביימער האָבן גערוישט — א שרעק! בינימין איז געבליבן שטיין. דער רעגן האָט אים געוואשן, א צאָן אָן א צאָן האָט אים געקלאפּט פאר קעלט, פאר נעץ און פאר גרויס פּאכעד. עס האָט אים זיך גערעכט, אָט פאלט אפּ אים אָן א בער, אָט פארצוקט אים א לייב, א לעמפּערט, אָט גייט דער „מאטול“, וואָס, קעפי עס שטייט אין „צל עולם“, איז ער א גרויסער, א לאנ־גער מין באשעפעניש, מיט צוויי לאנגע הענט, מיט וועלכע ער ווארפט אנידער א העלפאנד. אנגסטן האָבן אים באשלאָגן, גע־בעכ, און דאָ איז ער נאָך טויט־הונגעריק, כוץ א רעטשן קיכל איז דעם גאנצן טאָג אין זײַן מויל נישט געקומען. ער האָט פאר אלע צאָרעס זיך גענומען דאווענען מײַרעוו און געדאוונט מיט היסלײַוועס פונעם גאנצן הארצ.

גאָט האָט געהאָלפן, ס'איז טאָג געוואָרן. אונדזער בינימין נעמט זיך ווײַטער צום גיין אפּ גאָטס באראָט. ער גייט, ער גייט, ביז ער שלאָגט זיך צום סאָפ ארופּ אפּ עפּעס א שמאָלן וועג. מיט דעם וועג איז ער געגאנגען אקעגן א שאָ צוויי — און פּלוצלים דערהערט ער פונדערווײַטנס א קאָל פון א מענטשן. אָנשטאָט ער זאָל מיט דעם קאָל זיך דערפרייען, איז ער, סאָנע־ציִען [1], פארצאפּלט געוואָרן. אים האָט זיך נישט אנדערש גע־דאכט, אז דאָס איז אוואדע א גאזלען. מאכמעס שרעק האָט ער

1 די פּײַנט פון ציִען (פון די ייִדן) — א רעדנסארט, וואָס באטײַט דאָס זעלבע ווי „ניט פאר קיין ייִדן געדאכט“.

זיך געלאָזט לויפן צוריק אָן אָטעם, אקוראט ווי ער איז אמאָל, נישט פאר אונדז געדאכט, געלאָפן פארן ראָוו. באלד אָבער האָט ער זיך באטראכט: פע, בנימין! דו ווילסט וואנדרעווען אזוי ווייט איבער ימים און מדבריות, וואָס דאָרט שווימט און גריבלט פון עגדעשן, פון כּיעס־ראָעם [1] און ווילדע אומעס [2], און דאָ האָסטו מוירע פארן געדאנק, טאָמער באגעגנסטו א גאַז־לענ! איַי, פע, מעגסט, כ׳לעבן, זיך שעמען, בנימין. איז דען אלעקסאנדער מוקדן אויך אנטלאָפן אזוי ווי דו? האָט דען אלעק־סאנדער מוקדן אויך אזוי ווי דו זיך מעיאעש געווען [3], בעשאס ער איז געפלויגן רייַטנדיק אף זייַן אָדלער און ס׳איז אויסגע־גאנגען דאָס פלייש פונעם שפּיז שפּיז, וואָס דער אָדלער פלעגט עס פּיקן און פליִען דורך דעם אלץ העכער? ניין, אלעקסאנדער מוקדן איז נישט אנטלאָפן, אלעקסאנדער מוקדן האָט בא זיך אליין אויסגעשניטן א שטיק פלייש און ארופגעשטאָכן אפן שפּיז! אדרבה, שטארק זיך, בנימין, דאָס וויל גאָט דערמיט דיך נאָר אויספּרוּוון. האלטסטו אוים די פּראָבע, אז וואויל און גוט איז דיר דענסטמאָל! דענסטמאָל, בנימין, ביסטו א מענטש און וועסט טאקע ווערט זייַן צו האָבן די זכיִע פון האשעמ־יִתּ־באָרעכ צו דערגרייכן דייַן ווּנטש וועגן די בניי־מוישע און מיט זיי איבערשמועסן מיקויעכ דעם קלאל־יִיסראָעל אין אונדזער ווינקל, דערציילן זיי גאנצ פּאָדראָבנע די האנהאָגעס פון אונדזע־רע יִדעלעכ דאָ, וואָס זיי טוען און וואָס זיי מאכן. ווּעסטו איצט אויסשטיין נאָכ אי די דאָזיקע פּראָבע און גיין צוריק אקעגן דעם קאָל, דענסטמאָל ביסטו מענאצייעכ [4] אלע פּכאָדים און שרעקענישן, וועסט ווערן א קיילע־שליימע [5], א בראָ־

1 בייזע כּיַעס. — 2 פעלקער. — 3 זיך אנטווישט, געקומען אין פארצווייפלונג. — 4 באזיגסטו. — 5 א פולקומע זאכ.

בע, א בענטשונג צווישן די קינדער יִשׂראָעל, און אָנטאָן קאָ־
ווער גאַנצ טונעיאַדעווקע. טונעיאַדעווקע און מוקדן — דאָס
וועלן זײַנ צוויי ערטער, גלײַך באַקאַנט אין דער גאַנצער
וועלט דורך אַלעקסאַנדער טונעיאַדעווקער און בּיניאָמין
מוקדן!..

אונדזער בּיניאָמין האָט זיך אומגעקערט טאַקע צוריק און
איז געגאַנגען באַהאַרצט ווי א גיבור מיט גרויס ביטאָכן, ביז ער
האָט פאַר זיך דערזען דעם גאַזלען. דאָס איז געווען א מוזשיק,
וואָס איז געפאָרן אַפ א פאָר אָקסן מיט אָנגעלאָדענע זעק אין
וואָגן.

— דאָברי דיען! — האָט בּיניאָמין, צוגייענדיק, א זאָג גע־
טאָן ראַפּטאָם אַפ א מעשונע קאָל, וואָס ער האָט אין זיך געהאַט
אַלע טײַמים: אי געשריי, אי געבעט, אי ווי איינער זאָגט: נא,
נא, טו מיט מיר, וואָס דו ווילסט! אי עפּעס ווי א באַקאָשע:
גוואַלד, האָב ראַכמאָנעס אַפ מיר, אַפ מײַן ווײַב און קינדער,
נעבעכן!..

אָפּזאָגנדיק אָדער אָפּשרײַענדיק אי אָפּוויינענדיק דעם „דאָב־
רי דיען“, איז בּיניאָמין געבליבן אָן לאָשן ווי דערוואָרגן. דער
קאָפּ האָט אים זיך פאַרדרייט, אין די אויגן איז אים געוואָרן
פינצטער, די פיס האָבן אים אופגעהערט צו דינען, און ער איז
טויט אַנידערגעפאַלן אַפן אָרט.

אַז ער האָט אופגעעפנט די אויגן און איז צו זיך געקומען,
האָט ער זיך געפונען ליגנדיק אין וואָגן אַפ א גרויסן זאַק קאַר־
טאָפּליעס, איבערגעדעקט מיט א גראָבער סוויטע. צוקאָפּנס איז
אים געלעגן א געבונדענער האָן, וואָס האָט אַפ אים געקוקט אין
דער זײַט מיט איין אייגל און אים נעגראַבלט מיט די נעגל, צו־
פוסן איז געשטאַנען אָנגעשטעלט קאָראָבקעלעך מיט יונגע קנאָבל

אי ציבעלעס אונ שאָר־יעראָקעס[1]. אייער, אפּאָנעם, איז דאָרט
אויכ געלעגנ, וואָרעמ פּאָלאָווע זענענ געפלויגנ אונ אימ פארשאָטנ
די אויגנ. דער מוזשיק איז געזעסנ, געררייכערט גאנצ רויִק דאָס
ליולקעלע אונ איטלעכע רעגע אפ די אָקסנ אונטערגעשריגנ:
סאָפּ, הײַטא, סאָפּ! די אָקסנ, קוימ וואָס זיי האָבנ זיכ גערירט,
אונ די רעדלעכ פונעמ וואָגנ האָבנ מעשונע געסקריפּעט איטלעכס
אפ אנ אנדער קאָל, איניינעמ איז אויסגעקומענ עפּעס א סקריפּנ־
דיקער קאָנצערט, וואָס האָט געגרילצט אינ די אויערנ. דעמ
האָנ, אפּאָנעם, ווי עס האָט אויסגעזענ, איז אזא סקריפּערײַ אויכ
נישט געווענ לעראָצנ[2], וואָרעמ איטלעכס מאָל, בעשאס די רעד־
לעכ פלעגנ אינגאנצנ זיכ אומדרייענ אונ אויסלאָזנ אפ א סווישטש
מיט א שאלשעלעס[3], פלעגט ער ביניאָמינענ א שטארקנ גראבל־
טאָנ מיט די נעגל אונ א קריי געבנ קוקוריקו מיט קאס, מיט אימ־
פּעט, אז עטלעכע רעגע דערנאָכ פלעגט בא אימ כאָרכלענ פאר־
דומפּנ אינווייניק אינ האלדז. ביניאָמינ האָט אינ זיכ נישט גע־
פילט קיינ גאנצ אייווער אונ איז געלעגנ א היפּשע צײַט שטארק
פארדולט: א שפּאס, וואָס ער איז אויסגעשטאנענ: שרעק, הונ־
גער, נעצ אונ קעלט! עס האָט אימ זיכ געדאכט, אז א טערק האָט
אימ געפאנגענ אינ דער מידבער אונ פירט אימ פארקויפנ ער־
געצ פאר א קנעכט. נעכײַ, האָט ער געטראכט, נעכײַ זאָל ער מיכ
כאָטש פארקויפנ צו א ייִדנ, וואָלט איכ נאָכ געקענט פאָרט
עפּעס אופגעריכט ווערנ, אונ בעיִמ[4] אָבער, ער וועט מיכ פאר־
קויפנ צו א פּרינצ אָדער כאָלילע גאָר צו א פּרינצעסנ פונ די
אומעס־האָוילעמ[5], בינ איכ דאָכ פארלוירנ, פארלוירנ אפ איי־
ביק. דערצו נאָכ האָט ער זיכ גראָד דערמאָנט די מײַסע פונ יאָ־

---

1 אנדערע מינימ גרינס. — 2 געמיינט: צומ הארצנ. — 3 א געציקלטער, א געדריידל־
טער טאָנ. — 4 אויב. — 5 די פעלקער פונ דער וועלט. געמיינט: ניט־ייִדנ.

סעפּ־האַצאַדיק מיט זליכענ [1], אונ האָט מאַכמעס יעסורימ א שטאַרקנ קרעכצ געטאָנ.

דער מוזשיק האָט זיכ אומגעקוקט, אז ער האָט דערהערט ביניאָמינס קרעכצ, זיכ צוגערוקט נעענטער אונ אימ א פרעג געטאָנ:

— נו, זשידקאָ, א שטשאָ, טראָשקע ליפּשע?

דער קאָפּ איז ביניאָמינענ בעעמעס געוואָרנ א ביסל פריַיער, אונ ער האָט זיכ דערמאָנט אינגאַנצנ, וואָס מיט אימ איז פאָר־געקומענ. ער האָט אָבער זיכ געפילט אינ זייער א שלעכטער לאַגע: גוייִש קענ ער קימאַט נישט קיינ וואָרט, הייַנט וואָס זשע טוט מענ דאָ? ווי ענטפערט מענ דעמ אָרל [2] אונ ווי טייַנעט מענ מיט אימ זיכ דאָ אויס צו וויסנ אקוראַט, וווּהינ ער פירט מיכ?

ביניאָמינ האָט געפּרוּווט זיכ אופזעצנ, נאָר אומזיסט, די פיס האָבנ אימ שטאַרק געבראָכנ.

— טראָשקע טעבע ליפּשע? — האָט אימ דער מוזשיק וויַי־טער אמאָל געפרעגט אונ טאַקע בינשימע־אכאַמ [3] א מאַכ געטאָנ:

— סאָפּ, הייַטאַ, סאָפּ!

— ליפּשע. ראַק ריבי מאָ! איַי, איַי, איַי! — האָט ביניאָ־מינ געענטפערט, ווי ער האָט נעבעכ געקענט, אונ אימ געוויזנ אפ די פיס.

— איזווידקי טי, זשידקאָ?

— איזווידקי טי, זשיטקע?! — האָט ביניאָמינ געמאַכט מיט א ניגנ ווי א מייַפּעכ־פּאַשטאָ [4] — יאַ ניאָמקאַ, ביניאָמ־קאַ אוּוו טונעיאַדעווקו!

1 א ביבלישע מיַיסע, וויִאַזוי די פרוי פונ אנ עגיפּטישנ הויכגעשטעלטנ הויפ־מאַנ האָט געוואָלט פאַרפירנ איר קנעכט יויסעפנ (דעמ זונ פונ יאַנקעוו־אָווינו). — 2 געמיינט: דער ניט־ייִד. — 3 אינ איינ אָטעמ. — 4 צוויי געוויסע טענער פונעמ טראַדיציִאָנעלנ רעטשיטאַטיוו (פונעמ „טראָפּ“), מיט וועלכנ מע לייענט די ביבל.

— טי איז טונעיאדעוווקי? קאזשי זשע, שטשאָ טי וויטאראַ־שטשיל נא מעני אָטשי אי גליאניש יאק שילאָני. אליע מאָזשע טי טאקי אי שילאָני? טראסטא טוואָ! מאטערי! סאָפּ, הײַטא, סאָפּ!

— יא, סטײַטש, יא טעבי לעכאטכילע קאזאטע, יא ניאָמ־קע סאם אװוו טונעיאדעוווקו! — האָט ביניאָמין געענטפערט, געמאכט דערבײַ א ראכמאָנעס־פּאָנעם, א ווײַז געטאָן מיט דער האנט אונ געבעטן ראכמים: — גוואלד, אװוו טונעיאדעוווקי זשינ־קא טעבי דאם טשארקע שליש אי שאבאשקאָווע בולקע, אי דאָברע דאנקױעט טעבי.

דער מוזשיק, אפּאָנעם, האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס ביניאָ־מין מיינט.

— דאָברי, זשידקאָ! — האָט ער געזאָגט, זיך געזעצט אַפ זײַן אָרט מיט דעם פּאָנעם צו די אָקסן אונ געמאכט: סאָפּ, הײַטא!

אקעגן א פּאָר שאָ ארום איז דער וואָגן ארופגעפאָרן גלײַך אפן מארק אין טונעיאדעוווקע, ווײַבער אונ מאנצבל האָבן זיך א שאָט געגעבן אקעגן מיט פארשיידענע שײַלעס.

דער שרײַט:

— טשויעש, סקילקע כאָטשעס זא פּיוועך? זא ציבולי?

יענער פרעגט:

— מאָזשע מאיעש קארטאָפלי, יאיצי?

בעסויכ־האבאָ:מ [1] קומט איינער מיט א שײַלע:

— טשויעש, מאָזשע טי באטשיל נא דאָראָגי זשידקאָ? או נאם יעדינ זשידקאָ, ביניאָמקא, ווטשאָרא פראָפּאל יאק אװוו וואָדי.

---

1 צווישנ די אָנגעקומענע.

און איידער דער מוזשיק האָט אוספּייעט איטלעכן צו ענט־פערן, זענען די אלע ווײַבער ווי די היישעריקן איבערגעפאלן דעם וואָגן, האָבן אופגעדעקט די סוויטקע און אין איין קאָל ארויסגעלאָזט א געשריי:

— ביניאָמינ!.. ער איז דאָ! ציפּע־קרוינע! באסשעווע־ברײַנדל, לויפט גיכער צו זעלדען מיט דער גוטער בסורע, אז איר שאָרן האָט זיך אָפּגעזוכט! זי וועט שוין נישט זײַן קיין וויסטע אגונע.

ס'איז געוואָרן א ראַש, א צונויפלויפעניש. גאַנץ טונעיאדעוו־קע האָט זיך געזוינט, קינד און קייט זענען געלאָפן אָנקוקן בי־ניאָמינען. מען האָט אים פארוואָרפן מיט רייד, מיט שײַלעס, מיט ווערטלעך, מען האָט דערציילט, אז דעם גאַנצן נעכטיקן טאָג מיט דער נאכט האָט מען אים געזוכט, געאקערט, מען האָט אים שוין געהאלטן פאר א קאָדעש און זײַן ווײַב פאר א וויסטע אגונע.

פלוצלים אינמיטן געטומל איז דאָס ווײַב זײַנס צוגעלאָפן מיט א געוויין. זי האָט געבראָכן די הענט, אָנקוקנדיק איר באשערטן, ווי ער ליגט בלייך און טויט און קען קיין ריר זיך נישט טאָן. זי האָט, נעבעך, אליין נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, צי זאָל זי אים שעלטן, אויסלאָזן צו אים איר שווער ביטער גע־מיט, צי זאָל זי ארויסווײַזן איר פרייד, איר סימכע, וואָס גאָט האָט זי, וויסטע אגונע, אופגעריכט.

אין עטלעכע מינוט ארום האָט מען ביניאָמינען, אזוי טאקע ווי ער איז געלעגן אפּן זאק קארטאָפליעס, געפירט צו זיך אהיים איבער דעם מארק מיט א גרויסער פאראדע. דער גאַנ־צער טונעיאדעווקער אוילעם פון קליין ביז גרויס האָט אים אָפּ־געגעבן קאָוועד, קיינער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און אים באליט מיט א ראַש, מיט א געשריי: קאָדעש! קאָדעש! קאָדעש!

דער נאָמענ קאָדעש איז ביניאָמינענ פונ דענסטמאָל אָנ טאקע אפּ טאָמיד געבליבנ. ער האָט געהייסנ ביניאָמינ דער קאָדעש, אונ זײַנ ווײַב — זעלדע די אגונע.

דער טונעיאדעווקער מומכע איז נאָכ דעם טאָג טאקע צו ביניאָמינענ געקומענ אונ האָט אימ געגעבנ ראטונעק מיט אלע טאכבולעס, וואָס איז נאָר מעגלעכ געווענ. ער האָט אימ גע=שטעלט באנקעס אי פּיאווקעס, אויכ אינגאנצנ אימ אָפּגעגאָלט אונ געזאָגט פארנ אוועקגאנג, אז נאָכ די אלע מיטל וועט ער, אימ=ירצע=האשעם, גענעזנ ווערנ אונ וועט נאָכ מאָרגנ קענענ, אויב ער וועט קויעכ האָבנ, גייג גוימל בענטשנ 1 אינ בעסמעדרעש ארײַנ.

---

1 זאָגנ א בראָכע, וואָס איז באשטימט פאר אזעלכע, וואָס ראטעווענ זיכ פונ א טויט־געפאר.





## דאָס דריטע קאַפּיטל

# ווי בינימין סקאָמפּאַנייעט זיך מיט סענדערל דער יידענע

די דאָזיקע מייסע, וואָס מיט בינימינען האָט זיך געטראָפן, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזויפיל יעסורים זיין ווייב, אַזויפיל לייטישע רייד, אי אין דער שטאָט, אי דאָרט אונטערן אייוון, אי אויף דער אייבערשטער באַנק, האָט אין פלוג, דאַכט זיך, באַדאַרפט אויף אייביק פון אים אַרויסשלאָגן דעם געדאַנק פון זיין נסיעה אין די ווייטע מעקוימעס. נאָר אָבער אַ טאָעס, פאַרקערט, עס האָט נאָך אין אים דעם דאָזיקן געדאַנק ערשט בעסער אַריינגעשלאָגן. ער האָט פון דעמסטמאָל אָן אויף זיך

געקוקט מיט דערעכ־ערעצ, ווי אפ א מענטשנ א געניטנ, וואָס איז געגוג אינ זײַנ לעבנ אויסגעשטאנענ. ער איז בא זיכ געוועזענ מאָל טײַערער פאר זײַנ באהארצטקײַט, פאר זײַנ שטארקײַט, מיט וועלכער ער איז אויסגעשטאנענ אזויפיל שווערע פּראָבעס אונ גויוער געווענ איננאנצנ די טעווע זײַנע. ער האָט אָנגעהויבנ זיכ צו האלטנ פאר א גיבער, פאר א כאקרענ 1, וואָס האָט א יעדיע אינ אלע שעווע־כאָכמעס, וועלכע עס געפינענ זיכ נאָר אינ דעמ „צל עולם", וואָס האָט זיכ אָנגעלייענט ווי א פּויק אינ אזעלכע מינע ספּאָרימ אונ ווייסט, וואָס אפ דער גאנצער וועלט טוט זיכ. ער האָט אָנגעהויבנ אליינ אפ זיכ א מיוונ צו ווערנ אונ זיכ אליינ צו באדויערנ, וואָס ער, אזא מענטש ווי ער, געפינט זיכ, נעבעכ, כשושנה בינ החוחים 2, ווי א רויז צווישנ דערנער. ווו? אינ טונעיאדעווקע, אינ אזא העק, צווישנ פּראָסטע מענטשנ, וואָס פארשטייענ נישט אונ ווייסנ נישט פונ זייער לעבנ צו זאָגנ! די לײַטישע רייד אונ די ווערטלעכ, וואָס זענענ איבער אימ געפאלנ, זיי האָבנ, אדעראבע, אימ ערשט געטריבנ אינ וועג ארײַנ. עס האָט אימ זיכ געגלוסט ווי צומ גיכסטנ אוועק פונ טונעיאדעווקע. ווי דערלעב איכ שוינ, פלעגט ער אלצ טראכטנ, זיכ אוועקצולאָזנ אהינ, ווײַט, אונ קומענ בעשאָלעמ צוריק מיט יעשועס 3 אונ נעכאָמעס 4 אפ יידנ, מיט קאָוועד אונ מיט א גוטנ נאָמענ אינ דער וועלט! אונ דענסטמאָל וועט גאנצ טונעיאדעווקע וויסנ, פונ קליינ ביז גרויס, וואָס איכ, ביניאָמינ, בינ, וואָס איכ, ביניאָמינ, באטײַט...

ביניאָמינענ האָט לעסאטע אָפּגעהאלטנ פונ דער נעסיע נאָר די דאָזיקע קליינע מעניעס: ערשטנס, ווו נעמט מענ אפ הויצ־

---

1 דאָ געמיינט: א פילאָסאָף. — 2 קעשווישאנאָ ביינ האכויכימ. — 3 הילפ. — 4 טרייסט.

צאָעס? בא אימ אליינ האָט קיינמאָל זיכ נישט געפונענ קיינ
גראָשנ אינ קעשענע. ער פלעגט טאָמיד זיצנ ליידיק אינ בעסמע=
דרעש אונ זײַנ פלויניסטע איז געווענ די איישעס=כאַיל [1], די
פארנאָסע=געבערנ פונ א נאס אפטייקל [2], וואָס זי האָט זיכ גע=
מאכט באלד נאָכנ קעסט אראָפגייענדיק, אונ, מישטיינס=געזאָגט,
וואָס דאָס גאנצע קלייטל האָט אָנגעטראָפנ: ווענ זי זאָל דערבײַ
נישט געווענ ארבעטנ זאָקנ, נישט פליקנ ווינטער ביז שפעט
אינ דער נאכט פעדערנ, נישט פרעגלענ אפ צו פארקויפנ פייסעב=
דיק שמאלצ, נישט אײַנהאנדלענ אמאָל אינ א מארק=טאָג בא
אירע באקאנטע מוזשיקעס קיינ מעציִעס, וואָלט נישט געווענ מיט
וואָס די נעשאָמע צו דערהאלטנ. פארקויפנ עפעס פונ שטוב=
זאכנ? נאָר וואָס אָבער האָט דאָרט זיכ געפונענ? א פאָר מעש=
נע לײַכטער, וואָס זענענ זעלדענ געבליבנ יערושע פונ אירע
עלטערנ, אינ וועלכע זי בענטשט ליכט, שײַערט עס טאָמיד אונ
זיב דערמיט שטארק מעהאנע [3]. קיינ צירונג האָט זי נישט,
כוצ א זילבערנ רייפעלע מיט א פערל פונ איר מאמעס שטערנ=
טיכל, וואָס דאָס ליגט בא איר פארשלאָסנ אונ טוט עס אָנ נאָר
אמאָל בעשאס א גרויסע סימכע אָדער בעשאס א מאזלטאָוו אָפ=
געבנ. פארקויפנ זשע עפעס פונ זײַנע כפייצים? נאָר אינגאנצנ
האָט ער געהאט א שאבעסדיקע אטלעסענע קאפאָטע נאָב פונ
דער כאסענע אָנ, צעהאקט, צעפאלנ פאָרנט אי הינטנ אונ דער
געלער אונטערשלאק האָט ארויסגעקוקט. ער האָט געהאט,
פראוודע, אי א טולעפל, נאָר אונטנ איז ער געווענ אינגאנצנ
אָפגעבארעט, דער קאָלנער מיט גאָרנישט באליגט. בעשאס זײַנ
כאסענע האָט דער טאטע זײַנער, אימ צו לאנגע יאָר, געהייסנ
נישט זשאלעווענ, ארעראבע, מאכנ א לאנגנ קאָלנער פונ דער

---

1 א בעריע א פרוי. — 2 געמיינט: א שענק. — 3 האָט האנאָע.

פולער האנט און אָפשטעפן אים לעסאטע פון אויבן מיט א שטיק אונטערשלאק, וואָס איז געבליבן יִוטער[1] פון זײַן קאפאָטע, און האָט דערבײַ זיך מיסכּייַעוו געווען[2] צו באלייגן דעם קאָלנער מיט פיי, אים־יִרצע־האשעם, שפעטער באם סילעקן[3] דעם מוי־כער[4] פונעם נאדן. דעם נאדן אָבער האָט ער ניט געסילעקט, און דער קאָלנער איז געבליבן, אזוי ווי ער איז געווען ביז דעם הײַנטיקן טאָג...

צווייטנס, האָט בינימין נישט געוווּסט, ווי מען רײַסט זיך ארויס פון דער היים.

איבערשמועסן מיקויעך דער נעסיִע מיט זײַן פלוניסטע און ארויסזאָגן איר די גאנצע זאך בעפיירעש? כאָלילע־וועכאס[5]! עס וואָלט געוואָרן א ליארעם, א געפילדער, זי וואָלט אים אָפגע־ווײנט מיט טרערן און אים געהאלטן זיכער פאר ריין מעשוגע. וואָרעם, ווי האָט א יִידענע סייכל אזעלכע איניאָנים מאסיג צו זײַן? א יִידענע, אז זי איז שוין אפילע גאָר די איישעס־כאיִל, איז זי דאָך פאָרט נישט מער ווי א יִידענע. וואָס דער מינדסטער מאנצבל האָט אין נאָגל, האָט עס נישט און קען עס גאָר נישט האָבן די פײַנסטע און די קליגסטע יִידענע אפילע אין איר קאָפ...

אוועקגיין זשע בישטיקע[6] און דעם זײַ־געזונט פארגעסן? איז עפעס אויך פריקרע. דאָס איז א ביסל מײַסע ליטוואק. ווי־דער זשע בלײַבן זיצן אין דער היים און אָפזאָגן זיך פון דער גאנצער נעסיִע? דאָס איז ריין אומעגלעך. עס הייסט אזויפיל ווי אָפזאָגן זיך צו לעבן.

די נעסיִע איז בינימינען געוואָרן די צווייטע נאטור. ווי א יִיד מוז דרײַ מאָל אין טאָג דאוונען, אזוי האָט ער געמוזט

---

1 דער רעשט, וואָס בלײַבט באם שנײַדער פונעם באשטעלערס צײַג. — 2 זיך פארפליכטעט. — 3 באצאָלן. — 4 דער רעשט. — 5 געמיינט: גאָט באהיט! — 6 געמיינט: שטילערהייט, בעסאָד.

איטלעכע רעגע אין דער נעסיִע טראַכטן. אפילע אין שלאָף איז זי אים פון זינען נישט ארוים און האָט אים זיך שטענדיק געכאָלעמט. זי האָט טיף זיך איינגעוואָרצלט אים אין הארץ און זיך באַשעפטיקט געמאכט מיט זײַנע אויגן און אויערן אזוי, אז ער האָט אופגעהערט צו זען אי צו הערן דאָס אלצדינג, וואָס פאר אים. ער האָט נאָר געזען אי געהערט דאָס, וואָס מוט זיך דאָרט, דאָרט העט ווײַט אין יענע מעקוימעס. נישט איין מאָל פלעגט ער אין א שמועס מיט עמעצן פלוצלים ארײַנמישן: הינדיִיאָ [1], סאמבאטיען [2], אנטיקודאָ, פיפערנאָטער, לינדנוואָרעם, אייזל, מויל־אייזל, באָקסער, קעצאפיכים [3], טערק, טאָטער, גאזלען אוכדוימע נאָך אזעלכע ווערטער.

די נעסיִע האָט געמוזט געמאכט ווערן, נאָר וואָס טוט מען מיט די מעניִעס? דאָס האָט ער זיך קיין אייצע נישט געקענט געבן. ער האָט געפילט, אז ער באדארף האָבן איינעם, מיט וועמען ער זאָל קענען מיקוייעך דעם זיך מעיאשעוו זײַן.

איש אחד היה [4] בעטונעיאדעווקע, איין מענטש איז געווען אין טונעיאדעווקע, ושמו [5] סענדערל, און ער האָט געהייסן סענדערל, נאָך זײַן עלטערזיידן ר׳ ע ב ס ע נ ד ע ר ל. זה [6] האסענדערל, דער סענדערל, היה איש פשוט [7], איז געווען א פּאָשעט מענטשל, דאָס הייסט א פּראָסטער אָן כאָכמעס. אין בעסמעדרעש האָט ער געהאט א שטאָט אונטער דער בימע, און דאָס אליין איז שוין דער בעסטער סימען, אז ער איז ניט געווען פון די טונעיאדעווקער פײַנע־בעריעס, פונעם דאָרטיקן צימעס און דער גילדענער פּאָן. די שמועסן אין בעסמעדרעש אָדער ערגעץ אנ־

1 אינדיע. — 2 א לעגענדארער טײַך, וואָס א גאנצע וואָך ווארפט ער קעסיידער פון זיך שטיינער און שאבעס רוט ער. — 3 א ביבליש וואָרט, וואָס באטײַט עפּעס אן עסנווארג, נאָר דאָס פינקטלעכע טײַטש פון דעם איז ניט באוווסט, נעמט מען עס אָן פאר אן עקזאָטישס. — 4 איש עכאָד האָיאָ. — 5 אושמוי. — 6 זע. — 7 האָיאָ איש פּאָשוט.

דערש פלעגט ער דאָסראָוו צוהערנ שטיל, ווי א זײַטיקער פּאר־שוינ אָדער א וואָלנע סלושאטעל. נאָר פלעגט ער אמאָל זיך אָנרופנ א וואָרט, האָט עס אָנגעמאכט א גרויס געלעכטער, נישט מאכמעס דערינענ איז געלעגנ עפּעס א ווילדע כאָכמע אָדער א גרויסע האמצאָע, ניינ, נאָר גלאט זײַנס א וואָרט האָט עפּעס געמאכט לאכנדיק, כאָטשע ער האָט עס נעבעכ געזאָגט גאַנצ פּאָשעט ביטמימועס 1 אונ האָט קלאל גאָרנישט געמיינט יענעמ דערמיט לאכנדיק צו מאכנ. אדעראבע, אז מענ פלעגט לאכנ, פלעגט ער אויסשטעלנ א פּאָר אויגנ אונ אָנקוקנ, פארוואָס מענ לאכט. פאריבל האָבנ דערפאר פלעגט ער קיינמאָל נישט, וואָרעמ ער איז בעטעווע געווענ א גוטער, א פּאָקאָרנער, ווי עס גיט זיכ אמאָל אויס א פּאָקאָרנע קו; ער האָט גאָר נישט געוווּסט, אז מענ באדארפ פאריבל האָבנ. יענער לאכט, נו, מילע, לאָז ער זיכ לאכנ. מיסטאָמע האָט ער דאָכ האנאָע.

דאָכ מוז מענ מוידע זײַנ, אז אינ סענדערלס א וואָרט איז אמאָל געלעגנ טאקע אנ עמעס גלײַכער אײַנפאל, כאָטש ער אלײנ האָט עס גאָר אזוי ווײַט נישט געמיינט אונ דאָס געזאָגט גלאט ביטמימעס. מיט אימ פלעגט מענ ליב האָבנ קאטאָוועס צו טרײַבנ. דער גרעסטער טייל בערלעכ אינ טישעבאָוו זענענ אינ זײַנע פייעס אײַנגעפלאָנטעט געווענ. דער בעסטער כיילעק קי־שעלעכ, וועלכע מענ ווארפט הוישײַנע־ראבע בא דער נאכט באמ אופזײַנ, איז אימ אָנגעקומענ. אקעגנ זשע דער קלענסטער כיי־לעק רעטשנ קיכל אונ בראנפנ פונ טיקנ 2 אָדער גלאט אזוי בראנפנ — איז ווידער טאקע אינ אימ אָנגעקומענ.

האקלאל, סענדערל איז טאָמיד אונ אומעטומ געווענ דאָס קאפּאָרע־הינדל, אונ מאכמעס דעמ האָט ער טאקע באקומענ

1 נאִיוו. — 2 בראנפנ אונ צובײַסנ, וואָס עס שטעלט אינ בעסמעדרעש דער, וואָס פּראוועט יאָרצײַט נאָכ א פארשטאָרבענעמ.

א צונעמעניש: סענדערל דאָס קאַפּאָרע־הינדל. סענדערל איז בע־טעווע נישט געווען, ווי אנדערע, קיין אקשן; האָט איינער גע־זאָגט אזוי, איז פון־זיַינעטוועגן רעכט געווען אזוי. סענדערל האָט געטאָן יענעמס ראָצן [1], נישט מאכמעס מעוואטל צו זיַין [2] זיַינס ראָצן, קעדיי יענער זאָל דערפאר מעוואטל זיין זיַינס ראָצן פאר זיַינס ראָצן, נאָר גלאט פּראָסטע איז מאָסטע, ער האָט געטאָן יענעמס ראָצן.

— וואָס ארט עס מיך? — איז זיַין שטייגער געווען צו זאָגן. — וואָס פאר א דיַיגע איך האָב? דו ווילסט דאפקע אזוי, נו, זאָל זיַין אזוי.

צווישן יינגלעך איז סענדערל געווען א יינגל. ער פלעגט עפּטערס גיין, שמועסן, זיך שפילן מיט זיי אינייינעם און האָבן דערפון טיַינעג [3]. צווישן זיי איז סענדערל בעעמעס געווען ווי א פּאַקאָרנע בעהיימע, וואָס לאָזט צו זיך צו קינדער, זיי זאָלן אפּ איר רײַטן און איר קראַצן די מאָרדע. קונדייסים פלעגן אים קריכן אפן קאָפּ און צופּן אים באם בערדל. אנדערע פלעגט עס אמאָל ארן און פלעגן אָנשריַיען: טארבעס [4], שקאָצים, פאר אנ עלטערן, פאר א יידן מיט א באָרד! וואָס צופּט איר אים דאָס בערדל?!

— נישקאָשע, נישקאָשע, — פלעגט סענדערל זיך אָנ־רופן, — וואָס ארט עס מיך? וואָס פאר א דײַגע איך האָב? זאָלן זיי מיך א ביסל קראַצן.

בא זיך אינ דער היים האָט סענדערל נעבעך קיין האָניק נישט געלעקט. זיַין וויַיב איז געגאנגען אינ ספּאָדעק, און ער האָט בא איר געהאט א וויסטע, ביטערע דאָליע. זי פלעגט אים האלטן אינ דער מוירע, אמאָל דערלאנגען א זעץ, און ער, נעבעך,

1 ווילן. — 2 באָטל מאכן, צונישט מאכן. — 3 פארגעניגן. — 4 געמיינט: אָפּשײַ, דערעך־ערעץ.

האָט עס געמוזט טעקאבל־בעאהאווע זײַן[1]. אונטער א יאָמטעוו פלעגט זי אים אנידערשטעלן אויסווײַסן די שטוב און אונטער־בינדן אים דאָס בערדל מיט א טיכל. ער פלעגט איר שיילן קאר־טאָפליעס, קאטשען און בראָקן לאָקשן, אָנפילן פיש, אָנטראָגן אי ארײַנלייגן אין אויוון האָלץ און אונטערהייצן, אקוראט ווי א יידענע. דעריבער האָט מען אים טאקע אויך גערופן „סענ־דערל די יידענע".

אָט דעם סענדערל די יידענע האָט אונדזער ביניאָמין אויס־געקליבן אים צו עפענען דאָס הארץ און מיט אים זיך שויעל־בעייצע זײַן[2], וואָס ער זאָל טאָן. דער טאַם דערפון, פאר־וואָס גראָד סענדערל? איז דער: ווײַל ביניאָמין האָט טאָמיד געפילט צו אים עפעס א שטיקל ליבשאפט. סענדערל איז אין פיל זאכן אים זייער געפעלן. ער האָט אין א סאך איניאָנים זיך מיט אים אויסגעגלײַכט און פלעגט אמאָל אין א שמועס מיט אים זיך פּאָשעט מעכײַע זײַן. מעגלעך עפשער נאָך אי צוליב דעם אויך, וואָס ביניאָמין האָט גערעכנט דערויף, וואָס סענ־דערל איז קיין אקשן נישט. ער, סענדערל, וועט זײַן פלאן אָנע־מען און אים נאָכגעבן אלצדינג, וואָס ער וועט אים זאָגן. און אויך סענדערל וועט עפשער אין עטלעכע פונקטן זיך אײַנ־שפּארן, וועט ער אים מיט גאָטס הילף און מיט זײַן כעלקאס־האלאָשן[3] גוויווער זײַן...

ויהי כבוא בנימין לסענדערל[4], און אז ביניאָמין איז גע־קומען צו סענדערלען, האָט ער אים געטראָפן כשהוא יושב על הפסל החלב וקולף[5] קארטאָפליעס, ווי ער זיצט אף דער מילכע־דיקער באנק און שיילט קארטאָפליעס. איין באק האָט אים

---

1 אָנעמען פאר ליב. — 2 זיך אן אייצע האלטן, זיך בעראטן. — 3 געמיינט: גלאטיק צינגל; גלאטן ארט ריידן. — 4 ווײַהי קעוווי ביניאָמין לעסענדערל. — 5 קשעהו יוישייוו אל סאפסאל העכאָלאָוו וועקוילייף.

שטארק געפּלאָמט און אונטערן אויג איז אים געווען בלוי מיט א גראָבל, עפּעס ווי מען דערלאַנגט א קרעל מיט א נאָגל. ער איז געזעסן ווי א נעכטיקער, באַטריבט און פאַרומערט ווי א יוגנט, וואָס דער מאַן אירער האָט זי אַוועקגעוואָרפן און איז אַוועקגעגאַנגען לימדינאָס־האיאָם [1], אָדער ווי אַן אישע, וואָס דער מאַן האָט איר דערלאַנגט א פּאַטש...

סענדערלס ווײַב איז ניט געווען אין דער היים.

— גוט־מאָרגן, סענדערל! וואָס ביסטו, סערדצע, אַזוי באַטריבט? — האָט בּיניאָמין געזאָגט אַרײַנקומענדיק און געוויזן סענדערלען מיט א פינגער אויף דער באַק. — הא, ווײַטער זי? וווּ איז זי, די באַכערטע?

— אין מאַרק.

— גאַנץ גוט! — האָט בּיניאָמין קימאַט א געשריי געטאָן פאַר גרויס סימכע. — לייג אַוועק, נעשאָמע מײַנע, דײַנע קאַרטאָפּליעס און קום מיט מיר אין אַלקער אַרײַן. דאָרט איז קיינער נישטאָ? קיין שוימער מיט דיר באַדאַרף איך איצט נישט האָבן, איך וויל דיר אַנטפּלעקן מײַן האַרץ. איך קען מיר שוין נישט אײַנהאַלטן, עס קאָכט אין מיר די געבליטן. אַך, גיכער, סערדצע, גיכער, זי קען נאָך אָנקומען און אונדז שטערן, איידער מיר וועלן פאַרטיק ווערן.

— וואָס אַרט עס מיך? דו ווילסט טאַקע גיך, זאָל זײַן גיך, וואָס פאַר א דײַגע איך האָב? — האָט סענדערל זיך אָנגעכאַפּט און איז אַרײַן אין אַלקער.

— סענדערל! — האָט בּיניאָמין אָנגעהויבן מיט אַזא שמועס. — זאָג מיר, דו ווייסט, וואָס אויף יענער זײַט טונעיאַדעווקע איז?

---

1 געמיינט: ערגעץ אויף יענער זײַט יאַם.

— איך ווייס, דאָרט איז די פּריטשעפּע, ווו מען באקומט אמאָל א גוט ביסל בראנפן.

— דו ביסט א נאר, איך מיינ ווייטער, א סאך ווייטער.

— נאָך ווייטער פון דער פּריטשעפּע? — האָט סענדערל פארוווּנדערט זיך אָנגערופן. — ניין, ווייטער דערפון ווייס איך ניט. און דו, בינימין, ווייסט?

— אויב איך ווייס? א שײַלע א ביסל, אויב איך ווייס? דאָ איז ערשט דאָ א וועלט! — האָט בינימין א זאָג געטאָן מיט היסלײַוועס [1], גלײַך ווי קאָלומבוס, בעשאס ער האָט אנטדעקט אמעריקע.

— וואָס זשע איז אזוינס דאָרטן?

— דאָרטן, דאָרטן, — האָט בינימין זיך צעפלאקערט, — ביפערנאָטער! לינדנוואָרעמ!..

— דער לינדנוואָרעמ, מיט וועלכנ שלוימע-האמעלעך האָט געשניטנ די שטיינער צום בײס-האמיקדעש? — האָט סענדערל ארײַנגערוקט זײַנ וואָרט ביטמימעס.

— יאָ, נעשאָמע מײַנע, יאָ, דאָרט איז ערעץ-ייִסראָעל, דאָרט איז יענע מעקוימעס... הא, דו וואָלסט געוואָלט זײַנ דאָרט?

— און דו וואָלסט געוואָלט?

— א שײַלע א ביסל! איך וויל, סענדערל, איך וויל און וועל טאקע דאָרט באלד זײַנ.

— איך בינ דיר מעקאנע, בינימין. דו וועסט עס דאָרט זיך אָנעסנ א ביסל מיט באָקסערנ און מיט טייטלענ, האָ-האָ!

— דו, סענדערל, קענסט עס אויך עסנ ווי איך. דו האָסט אינ ערעץ-ייִסראָעל אזא כיילעק ווי איך.

— כיילעק האָב איך טאקע, נאָר ווי קומט מענ אָבער אהינ? דאָרט איז דאָך דער טויגער.

---

[1] מיט ברענ; מיט ענטוזיאזמ.

— דערצו, סענדערל, איז דאָ א טרופּע [1]. זאָג מיר, סערד־צע, דו ווייסט עפּעס פון די רויטע ייִדלעך?

— איך האָב זיך אָנגעהערט גענוג מײַסעס איבער זיי און־טערן אויוון, נאָר וויסן אקוראט, ווו זיי זיצן און ווי מע קומט צו זיי, דאָס ווייס איך נישט. איך זאָל וויסן, מיסטאָמע, וואָלט איך דיר מוידע געווען [2]. פאַרוואָס נישט? וואָס אַרט עס מיך?

— העה־העה! זעסטו, און איך ווייס, — האָט בנימין גע־זאָגט מיט גאַדלעס און אַרויסגעדרייט פון קעשענע דעם „שבחי ירושלים“, — זעסטו, וואָס דאָ שטייט. איך וועל דיר עס לייענען.

„אַז איך בין געקומען קיין ברוטי, אַזוי שטייט געשריבן, האָב איך געפונען פיר ייִדן פון באָוול. האָב איך גערעדט מיט איינעם פון זיי, וואָס האָט פאַרשטאַנען לאָשן־קוידעש און האָט געהייסן רעב מוישע, האָט ער מיר דערציילט גאַנץ עמעסע זאַכן פון דעם טײַך סאַמבאַטיען, אַז ער האָט געהאָרכט פון ייִש־מעיילים [3], וואָס האָבן אים געזען, און אַז דאָרט זײַנען דאָ די בנײ־מוישע.“

אויך, זאָגט ער ווײַטער: „אַז דער נאָגיד [4] האָט מיר דער־ציילט, אַז א יאָר דרײַסיק אין דעם איז בא אים אײַנגעשטאַנען איינער, וואָס ער איז געווען פון שייוועט שימען, און ער האָט געזאָגט, אַז אין זײַן מאָקעם זײַנען דאָ פיר שוואָטים. איינער פון זיי איז דער שייוועט יִסאָסכער, וואָס איז זיך אויסעק אין טוירע און פון דעם שייוועט איז דאָ א מעלעך איבער זיי.“

כוץ דעם שטייט נאָך בעפיירעש אי אין דעם דאָזיקן סייפער „מסעות בנימין“ אָט די ווערטער: „פון דאָרט איז א מעהאלעך פון צוואַנציק טעג צו די בערג גיסבוין, וואָס אף דער טײַך

---

1 א מיטל. — 2 געגעבן צו וויסן. — 3 געמיינט: מאַכמעדאַנער. — 4 געמיינט: דער האַר, דער פירשט פון די דאָרטיקע ייִדן.

גויזאָנ. אינ די בערג גיסבוינ זיַינעג דאָ פיר שוואָטימ: דער שייוועט דאָנ, דער שייוועט זוויִלנ, דער שייוועט אָשער אונ דער שייוועט נאפטאָלי, זיי האָבנ מעדינעס אונ קראקימ [1] אינ די בערג. פונ איינ זיַיט נעמט זיי ארומ דער טיַיכ גויזאָנ. זיי האָבנ ניט אפ זיכ קיינ יאָכ פונ די אומעס, נאָר איינ מעלעכ איז דאָ איבער זיי, אונ ער הייסט רעב יאָסעפ אמארקעלאָ האלייווי. אונ זיי האָבנ א בריס, א בונד מיט דעמ קויפער אל-טורעכ. אכוצ דעמ שטייט נאָכ אונ נאָכ זאכנ ווענג די בניי-רייכאָוו [2] אינ דעמ לאנד טיימאָ, וואָס זיי האָבנ איבער זיכ א יִדישנ מעלעכ אונ פאסטנ אונ בעטנ גאָט טאָמיד אפנ גאָלעס-יִסראָעל. נו, וואָס דענקסטו, סערדצע, אז זיי וואָלטנ אשטייגער פלוצלימ דערזעג מיכ, מיכ, זייער ברודער ביניאָמינ פונ טונעיאדעווקע קומט צו זיי צוגאסט? הא, וואָס דענקסטו, סענדערל? אדעראבע, זאָג, איכ בעט דיכ, וואָס זאָגסטו דערצו?

— זיי וועלנ פּאָשעט זיכ מעכיַיע זיַינ, זאָג איכ דיר, ביניאָמינ, א קאטאָוועס אזא גאסט, אזא טיַיערער גאסט? איטלעכער וועט דיכ פארבעטנ צו זיכ אפ א מאָלציַיט. דער מעלעכ אמארקעלאָ מיסטאמע אויכ, לאָז זיי דאָרט כאָטש פונ מיר גאָר פריַינטלעכ גריסנ. איכ זאָל קענענ, וואָלט איכ, כ'לעבנ, אויכ מיט דיר אהינ געגאנגענ.

— הא! — האָט ביניאָמינ א מאכ געטאָנ פארפלאמט פונ א ניַיעמ געדאנק, וואָס איז אימ איַינגעפאלנ. — הא! טאָמער בעעמעס טאקע, סענדערל סערדצע, וואָלסטו מיט מיר איניי-נעמ געמאכט די נעסיִע. נארעלע, אצינד, כ'לעבנ, האָסטו זייער א גוטע געלעגנהיַיט. איכ גיי א בלויז אהינ, וועל איכ דיכ מיט-

1 גרויסע שטעט. — 2 א יִדישער שטאמ, וואָס ווערט דערמאָנט אינ דער ביבל.

נעמענ. נארעלע איינער, אינצווייענ איז היימלעכער. טאָמער וועל איכ דאָרט, א קאשע אפ א מײַסע, ווערנ מעלעכ, וועל איכ דיכ מאכנ, כ׳לעבנ, פאר א מישנע־לעמעלעכ [1]. נא דיר מײַנ האנט טקיאס־קאפ [2]. וואָס ווערסטו, נארעלע, דאָ זיצנ אונ לײַדנ גאָלעס, נעבעכ, פונ דײַנ פלויניסטע, די ראָשעטע. קוק אָנ, וואָס פאר א באק, נעבעכ, דו האָסט. דו האָסט דאָכ בא איר א ווים־טע, פינצטערע דאָליע. כ׳לעבנ, סענדערל, קום, ווערסט נישקאָשע קיינ כאראָטע נישט האָבנ.

— טא, — האָט געזאָגט סענדערל, — אויב דו ווילסט דאפ־קע אזוי, זאָל זײַנ אזוי. אײַ זי? וואָס פאר א דײַגע איכ האָב? א נאר וואָלט איכ באדארפט זײַנ, איר זאָגנ, ווײַהינ איכ לאָז מיכ אוועק.

— נעשאָמע מײַנע, לאָמיכ דיכ א קוש טאָנ! — האָט בי־ניאָמינ ארויסגעלאָזט מיט גרויס סימכע אונ פאר ליבשאפט ארומגענומענ סענדערל די ידענע. — דו האָסט מיר, סערדצע, מיט איינ וואָרט פארענטפערט א קאשע, א קלאָצ־קאשע! איכ זאָג איצט אויכ אזוי ווי דו: אײַ זי? מײַנע, מיינ איכ, וואָס פאר א דײַגע איכ האָב? ס׳איז אָבער דאָ נאָכ א קאשע: ווי נעמט מענ אפ הויצאָעס?

— אפ הויצאָעס? דו ווילסט דענ זיכ אויסקליידנ, ביניאָמינ, אָדער איבערניצעווענ דײַנ קאפּאָטע? הערסטו, אונ איכ וואָלט געזאָגט, מע באדארפ, כ׳לעבנ, נישט. אינ וועג איז אדעראבע גלײַכער אלטע קליידער. דאָרט וועלנ מיר מיסטאמע באקומענ נײַע שיינע קאפּאָטעס.

— יאָ, טאקע עמעס, דאָרט האָב איכ שוינ קיינ דײַגע נישט.

---

1 א וויצע־קיניג. — 2 געבנ די הענט אפ צו פארפעסטיקנ אנ אָפּגערעדטע זאכ.

מע באדארף דאָך אָבער לעסאַטע ביז דאָרט האָבן עפּעס געלט פּראָסט אָפּ צו עסן?

— וואָס הייסט, בינאָמין, אָפּ צו עסן? דו האָסט דען בעדייע מיטפירן מיט זיך א קיך? צי וואָס? נישטאָ דען אפן וועג קיין קרעטשמעס, קיין הײַזער?

— איך פארשטיי דיך, סענדערל, נישט, וואָס דו מיינסט, — האָט בינאָמין פארוווּנדערט זיך אָנגערופן.

— איך מיין, — האָט סענדערל געענטפערט ביטמימעס, — אבי ס'איז נאָר דאָ הײַזער, קען מען אין איין וועג טאקע גיין איבער די הײַזער. וואָס טוען דען אלע אנדערע יִדן? הײַנט גייען א טייל צו יענע אין די הײַזער, דערנאָך גייען יענע פון זייער זײַט צו אנדערע אין די הײַזער. ס'איז דאָך א יִדישע זאך, נאָר א גמילאס־כעסעד...

— דו ביסט, כ'לעבן, גערעכט! — האָט בינאָמין א זאָג געטאָן בעסימכע. — אצינד איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אויב אזוי, בין איך, באָרעך־האשעם, אינגאנצן פארטיק און פארזאָרגט מיט אלצדינג. נאָך מאָרגן טאקע, גאנץ פרי, אז דער אוילעמ וועט נאָך שלאָפן, קענען מיר אוועקגיין. פארלירן צײַט איז, כ'לעבן, אן אווייִרע. דו ביסט מוסקעם?

— דו ווילסט מאָרגן? זאָל זײַן מאָרגן. וואָס פאר א דײַגע איך האָב?

— מאָרגן גאנצפרי, הערסטו, סענדערל? וועל איך שטילער־הייט ארויסגיין פון דער היימ. לעבן דער פּוסטער ווינטמיל דאָרט וועל איך אָפּ דיר ווארטן. געדענק זשע, סענדערל, מאָרגן גאנצפרי זאָלסטו אהין ארויסקומען. געדענק זשע! — האָט בינאָמין נאָכאמאָל איבערגעכאזערט און שוין געוואָלט אוועק־גיין.

— וואַרט נאָר, בינאָמין, וואַרט אַ ביסל! — האָט סענדערל געזאָגט, זיך געבאָגן איבער דער בוזעם־קעשענע פונעם לײַבל און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט עפּעס אין אַלט פאַרשוויצט שטיקל יאַרכע [1], אַרומגעוויקלט מיט בענדלעך עטלעכע מאָל הין און צוריק און פאַרקניפּט אַוודאי מיט אַ צוואַנציק קניפּלעך. — זעסטו, בינאָמין, אָט דאָס קניפּל האָב איך אויסגעזאַמלט אונטער מײַן ווײַב פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס איך האָב פאַר איר כאַסענע געהאַט. עס וועט אונדז אין דער האַכאָלע [2] צוניץ קומען, האַ?

— אַצינד, סענדערל, ביסטו ווערט, מען זאָל דיר אויסקושן איטלעכס אייווער, איטלעכס גליד באַזונדער, — האָט בינאָמין געזאָגט הויך, לעבעדיק און אַרומגעכאַפּט סענדערל די ידענע.

— אָ, פאַרכאַפּט זאָלסטו ווערן! קוקט נאָר אָן, איך בעט אײַך, דאָס גרויסע ליבשאַפט ווי מען נעמט זיך אַזוי אַרום, און דאָ אין שטוב שטייט אַ ציג און עסט די קאַרטאָפליעס! ווערעם זאָלן עסן דײַן לײַב, — האָט זיך פּלוצלים געהערט אַ געשריי.

דאָס געשריי איז געווען פון סענדערלס פּלוניסטע. זי איז געשטאַנען אָנגעצונדן אין אַ פײַער, מיט איין האַנט געוויזן אַף דער ציג און מיט דער אַנדערער גערופן צו זיך סענדערלען. סענדערל האָט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ זיך געלאָזט פּאַמעלעך, פּאַמעלעך אַרײַנגיין אין שטוב, גלײַך ווי אַ פאַרזינדיקט קינד, וואָס מען וויל אים מעקײַעם־פּסאַק [3] זײַן.

---

1 ווײַסע זעמש. — 2 אָנהייב. — 3 באַשטראָפן לויטן געריכט. דאָ געמיינט: אָפּשמײַסן.

— שטאַרק זיכ, נעשאָמע מײַנע, דאָס איז איר שוינ דאָס לעצטע מאָל, געדענק זשע, מאָרגנ... — האָט ביניאָמינ שטילערהייט אײַנגערוימט סענדערלענ אינ אויער און ווי א קעצעלע זיכ ארויסגערוקט פונעם שטוב.





## דאָס פערטע קאפּיטל

# ווי בּיניאָמינ מיט סענדערלענ פארלאָזנ טונעיאַדעווקע

אפ מאָרגנ גאנצפרי, איידער דער פאסטעכ האָט נאָכ פארנומענ די בעהיימעס אינ דער טשערעדע ארײַנ, איז אונדזער בּיניאָמינ שוינ געשטאנענ גרייט לעבנ דער ווינטמיל מיט א פעקל אונטערנ אָרעם. אינוויינינק, אינ דעם פעקל, איז געלעגנ אלע זאכנ, וואָס זענענ נייטיק געוועזנ צו דער נעסיִע, הײַנע: טאלעס אונ טפילנ, א סידער „דרך החיים“ 1, א כאָקל 2, א טילים אונ יענע אלע ספאָרימ, אָנ וועלכע ער האָט זיכ נישט געקענט רירנ, אזוי ווי א באלמעלאָכע אָנ זײַנ געצײַג. די שאבעסדיקע קאפּאָטע זײַנע איז אויכ דאָרט געלעגנ, — מענ מוז דאָכ פאר דער וועלט א פּאָנעמ האָבנ אונ יויצע זײַנ פאר לײַט. אינ קעשענע האָט ער געהאט א פופצנטהאלבנ גראָשנ, וואָס ער האָט פארנ אוועקגאנג ארויסבאקומענ בא זײַנ פלויניסטע אונטער דעם קישנ.

1 „דערעכ האַכאַיִמ“. — 2 דער סייפער „כאָק לעיִסראָייל“ (חק לישראל).

האקלאל, ער איז געווען, באָרעכ־האשעם, פארזאָרגט מיט אלצדינג און שוין געקענט זיך לאָזן אין וועג אריַין.

די זון איז דערוויַיל אופגעגאנגען זייער שיין און האָט אראָפּ־געקוקט מיט איר ליכטיקן פּאָנעם אפ דער וועלט. איין קוק אירער האָט צוגעגעבן א שטיק געזונט, מעכייַיע געווען איט־לעכע זאַך באזונדער. ביימער און גראָז האָבן עפּעס ווי זיס גע־שמייכלט, איידער די גרויסע טרערן טוי פון באנאכט זענען זיי נאָך נישט אויסגעטריקנט, אקוראט ווי קליינע קינדער צעלאכן זיך פלוצלים פרייליך אינמיטן געוויין פון א בלישטשענדיק טשאטשקעלע, בעשאס טרערן ווי די באָב שטייען זיי נאָך אין די אויגן. די פעלד־פייגעלעך האָבן געשווינד זיך געטראָגן אין דער לופט, געשפּילט און געזונגען ארום ביניאָמינען, גלייַך ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

— קומט, לאָמיר זינגען אי שאלן און דערפרייען דעם פּייַ־נעם פּארשוין לעבן דער ווינטמיל! דאָס איז ביניאָמין אליין, דאָס איז ביניאָמין דער טונעיאדעווקער, דער אלעקסאנדער מוקדן פון זייַן צייַט, וואָס ער פארלאָזט זייַן פּאָטערלאנד, ווארפט אוועק ווייַב און קינדער און גייט אין גאָטס שליכעס, וווהין די אויגן טראָגן! אָט שטייט דער גרויסער ביניאָמין, וואָס ער איז, ווי די זון, ארוים פון זייַן געצעלט, און פרייט זיך ווי א גיבער צו לויפן אין וועג מיט זייַן פּעקל אין דער האנט! ער איז שטארק ווי א לעמפּערט און גרינג ווי אן אָדלער צו טאָן דעם ראָצן פון אונדזער פּאָטער אין הימל! זינגט, שפּילט: טרילילילי, טרריל, טריל! שאלט, זינגט און דערפרייט זייַן הארץ!..

ביניאָמינען איז טאקע בעעמעס פריילעך געווען אפן הארץ, ער האָט בא זיך געטראכט: „איך בין דאָך דער גליקלעכסטער מענטש אפ דער וועלט. וואָס פעלט מיר אָן אייַנהאָרע? וואָס גייט מיר אָפּ? מייַן ווייַב האָב איך, געלויבט איז האשעם־יִיס־

באָרעכ, פאַרזאָרגט. זי האָט א שטיקל פאַרנאָסע. איכ אליינ בינ א פרייַער פויגל, גלייַכ ווי די אלע פעלד-פייגעלעכ דאָ. די גאַנצע וועלט איז פאר מיר אָפנ. מיט מייַנ גענימשאפט, מיט מייַנ באהארצטקייַט אונ מיט מייַנ שטיקל יעדיִע אינ די שעוועכאָכמעס וועל איכ נישקאָשע ערגעצ נישט פאַרפאלנ ווערנ. הייַנט דערבייַ בינ איכ דאָכ עפּעס א ייִד, א שטיקל באַל-ביטאָכנ. אוועקגעליגנט שוינ אלע מייַלעס אינ דער זייַט, לעבנ דאָכ ייִדנ אָפּ א וועלט מיט ביטאָכנ אליינ, אונ גאָט פירט זיי אוים.

ביניאָמינענ איז עפּעס זייער גוט געווענ אפנ הארצ, אזוי, אז די לעפּצנ זייַנע האָבנ זיכ געעפנט, אונ ער האָט בענימעסדיק אפנ בייַ-קאָל אונטערגעזונגענ א מאַרש פונעם מלך עליון[1]. זייַנ מאַרש האָט זיכ פאַרמישט מיט דעמ געזאַנג פונ די פייגעלעכ, מיט דעמ זוזשענ פונ די פליִגלענ, מיט דעמ שמוצערנ פונ די גרילנ, אונ האָבנ אינ א קאָנצערט זיכ דערהויבנ ביז צומ קיסיי-האקאָוועד[2] פונ זייַנ ליבנ נאָמענ, הויכ-הויכ אפ דעמ אייבערשטנ הימל!

דערווייַל איז אוועק א היפּשע צייַט, אונ סענדערל איז נאָכ נישטאָ. דאָס האָט אָנגעהויבנ ביניאָמינענ א ביסל צו ארנ אונ צעשטערט זייַנ סימכע. ער האָט געקוקט אינ אלע זייַטנ, זיכ ארויסגענומענ די אויגנ קוקנדיק. נאָר אומזיסט די מי. מענ הערט נישט, מענ זעט נישט. ניטאָ סענדערל!

האָט אימ עפּשער דענ די ראָשעטע ווייַנע מעכאבעד געווענ מיט עפּעס א מעלאָכע? נאָר דערצו איז נאָכ אָבער איצט נישט די צייַט. גאַנצ טונעיאדעווקע שלאָפט נאָכ אצינד געשמאַק. קאַרטאָפליעס הייבט מענ אָנ צו שיילנ העט שפּעטער, ייִדענעס נעמענ זיכ צומ יוארמעס ערשט נאָכנ אָפּקריגנ אונ אָפּשעלטנ

1 מעלעכ עליוינ — א הימנ, וואָס גייט אריַינ אינ דער ליטורגיע פונ ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפּער (געמיינט: דעמ ניגנ פונעמ הימנ). — 2 גאָטס טראָנ.

זיך מיט די מאנען, ערשט דערנאָך, ווען מען שמײַסט שוין אָפּ קינדער און מען הענגט ארויס טריקענען די בעבעכעס...

אונדזער ביניאָמין האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן, און אים איז געוואָרן נישט פריילעך. שטארק ניט פריילעך. אומקערן זיך אהיים? פע, דאָס איז מיִעס! אלעקסאנדער מוקדן האָט צע־בראָכן די בריק, איבער וועלכער ער איז אריבער קיין הינדיאָ, ביכדיי ער זאָל נישט קענען צוריקגיין. לאָזן זשע זיך אליין אָן סענדערלען? ניין, דאָס איז פריקרע, זייער פריקרע! סענ־דערל איז אים געווען שטארק נייטיק. זינט ער האָט מיט אים זיך סקאָמפּאנייעט, איז אים עפּעס ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָן סענדערלען זיך אוועקצולאָזן וואָלט אויסגעקומען עפּעס מע־שונע־ווילד, עס וואָלט נאָר א פּאָנעם געהאט ווי א שיף אָן א רו־דער, אָדער ווי א מעלוכע אָן א מיניסטער.

פּלוצלים האָט זיך געלאָזט זען פונדערווײַטנס עפּעס ווי א מענטשן־געשטאלט. דאכט זיך, סענדערל, און פּאָרט נישט סענ־דערל. דאכט זיך, גאָר איינע אין א ציצן קליידל און מיט א טיכל אפן קאָפּ.

ביניאָמינען האָט א טיאָכקע געגעבן דאָס הארץ, און איז געוואָרן טויט, בלייך ווי די וואנט. אים האָט זיך געדאכט, אז דאָס גייט זײַן ווײַב. ניין, זי גייט נישט, זי לויפט, זי יאָגט. אָט קומט זי צו לויפן, כאפּט זיך אפ אים ארופ מיט גרויס קאס, לאָזט צו אים אויס איר שווער ביטער הארץ און שלעפּט אים אהיים מיט א יאָמער, א קלאָג.

„איין גאָט נאָר ווייסט, — אזוי דערציילט ביניאָמין אליין, — ווי איך בין דענסטמאָל געשטאנען אין איינע באָרעס, אין געהאקטע ווונדן, הונדערט פּיפּערנאָטערן וואָלט מיר דענסט־מאָל ליבער געווען צו באגעגענען ווי מײַן ווײַב, וואָרעם א פּי־פּערנאָטער בײַסט נאָר דאָס לײַב, דעם גוף, און א ווײַב בעשאס

קאס גריזעט און בײַסט די נעשאָמע. חאשעם־יִוּסבאָרעכ אָבער האָט מיכ געשטארקט, איכ בינ באלד טאקע כאהארצט אנט־לאָפנ, זיכ פארבאָרגנ הינטער דער ווינטמיל און געלוגט 1 דאָרט ווי א לײב לוגט אפ זײַנ פארצוקונג.“

אינ עטלעכע מינוט ארומ איז בינימאָמינ ארויסגעשפרונגענ פונ זײַנ פארבאָרגעניש מיט א שרעקלעכנ שפרונג און מיט א געשריי ווי א רײנער מעשוגענער:

— הא, סענדערל!

סענדערל איז געגאנגענ אָנגעטאָנ אינ א ציצנ כאלאט, אונ־טערגעבונדנ בײדע באקנ מיט א פארשמאָלצענעמ טיכל. אונטער בײדע אויגנ בלוי, צעגראבלט. א שטעקנ אינ דער האנט, און אפ די פלײצעס א היפּש פּעקל.

ער האָט אינ בינימאָמינס אויגנ געהאט דענסטמאָל דעמז זי־בעטנ כײנ, ווי א שײנע אויסגעפּוצטע קאלע אינ די אויגנ פונעמ כאָסנ.

בינימאָמינ שילדערט זײַנ סימכע דענסטמאָל מיט די ווער־טער: „ווי א אינד, וואָס גלוסט אפ קוואלנ וואסער, ווי א דאָר־שטיקער אינ דער מידבער, וואָס געפינט לעבעדיקע, קוועלנדיקע וואסער, וואָס רינט אראָפּ פונ א שפּיצ סקאלע, אזוי האָט מײַנ גלוסטיקע לײַב זיכ געטאָנ טאָנ דערפרײענ אפ סענדערלענ מײַנ באשערטנ, מײַנ געטרײַענ געזעלנ.“

— וואָס איז די מײַסע, סענדערל? וואָס האָסטו געלאָזט אפ זיכ אזוי לאנג ווארטנ?

— סטײַטש, איכ בינ דאָכ געגאנגענ צו דיר אהײמ, — האָט סענדערל ביטמימועס געענטפערט, — ביזוואנענ איכ בינ דערגאנגענ, און ביזוואנענ איכ האָב אופגעוועקט דײַנ זעלדענ, איז דערווײַל אוועק א היפּשע צײַט.

1 לויערט; קוקט אויס.

— אופגעוועקט זעלדענ! — האָט ביניאָמינ א געשריי געגעבנ מעשונע-ווילד נישט מיט זײַנ קאָל. — סענדערל, לעמיי, מעשוגענער, האָסט אזוינס געטאָנ?

— וואָס, ס'טײַטש לעמיי?! — האָט סענדערל פארוואונדערט זיכ אָנגערופנ, — לעמיי, אז איכ האָב דיר פריִער אָנגעקלאָפּט אינ דער ספּיזשארנע, אונ דו האָסט זיכ נישט אָנגערופנ, האָב איכ מיכ גענומענ קלאַפּנ אינ דער שטוב-טיר סטוק, סטוק, סטוק. נו, איז זעלדע, נישט טויט, נישט לעבעדיק, אופגעשטאנענ, אונ איכ האָב זי געפרעגט מיקויעכ דיר.

— סענדערל, מיר זענענ פארביי! דו האָסט פארקאָכט א גוטע קאשע. סטײַטש, זעלדע וועט נאָכלויפנ, זעלדע, אונ וועט...

— איי, שרעק זיכ נישט, ביניאָמינ! זי האָט מיכ אָפּגעשיקט צו אלדי שווארצע יאָר מיט אזא קאס, גלײַכ ווי איכ וואָלט איר געקוילעט די קאפּאָטע. „גיי מיט מײַנעמ איניינעמ, אינ דער ערד ארײַנ ביידע!“—האָט זי געזאָגט אונ צוגעמאכט די טיר. איכ בינ א היפּשע צײַט געבליבנ שטיינ אינ דרויסנ ווי צעמישט. דערנאָכ ערשט האָב איכ מיכ דערמאָנט אָנ דער ווינטמיל אונ זיכ געשטויסנ, דו מוזט שוינ אפּאָנעמ זײַנ דאָ. אונ דעריבער טאקע האָט אפּאָנעמ דײַנע געזאָגט: „גיי מיט מײַנעמ איניינעמ, אינ דער ערד ארײַנ ביידע!“ זי האָט אפּאָנעמ, מוז געדרונגענ זײַנ, געזענ, ווי דו ביסט אוועקגעגאנגענ.

— וואָס, וואָס, סענדערל! זי האָט געזענ? עפּשער גייט זי, גייט זי עפּשער?

— כאָלילע, ביניאָמינ! זי האָט גאָר פארקייטלט די טיר. אז איכ האָב פארנ אוועקגיינ ווידער אָנגעקלאַפּט אונ געפרעגט: זעלדע! זעלדע! וואָס זאָגסטו עפּעס אָנ צו דײַנ מאנ, זעלדע? אָדער האָסטו, עפּשער, א קאשע אפּ א מײַסע, וואָס אימ מיטצוגעבנ, זעלדע? האָט זי נישט געענטפּערט קיינ גוט וואָרט. אפּאָ-

נעם זי האָט זייער א האַרטנ שלאָף, אונ שלאָפט געשמאַק, אָנ איינהאָרע. נו, האָב איכ געזאָגט: זעלדע, דו שלאָפסט, שלאָפ זשע, שלאָפ געזונטערהייט! זײַ מיר געזונט, זעלדע! האָב איכ געזאָגט אונ בינ מיר אוועקגעגאַנגענ.

סענדערלס לעצטע ווערטער האָבנ אזוי ווי טראָפּנס אָפּגע־מינטערט ביניאָמינענ. ער האָט אָנגעהויבנ פרײַ צו אָטעמענ אונ געסאָפּעט, גלײַכ ווי א שטיינ איז אימ פונעמ האַרצ אראָפּ. דאָס פּאָנעם האָט אימ געשײַנט, אונ זײַנע אויגנ האָבנ געפלאַ־קערט פאַר גרויס פרייד.

— אצינד, סענדערל! — האָט ער עפּעס ווילד א קוויטש געגעבנ, — אצינד מיט דער רעכטער פוס!

אינ דער צײַט האָט פונ א לוזשע אינ דער זײַט זיכ ארויס־געלאָזט א קאָל פונ זשאבעס, גלײַכ ווי זיי האָבנ זיכ געזעגנט מיט אונדזערע פאַרשוינענ אונ זיי צוגעקוואַקעט א מאַרש. טונע־יאַדעווקער זשאבעס שרײַענ מעשונע־שטאַרק אינ זייערע פאַר־שימלטע בלאָטעס. זיי זײַנענ באַרימט אינ דער וועלט גלײַכ מיט דניעפּראָוויצער וואַנצנ אונ מאַראַקאַנעס...





## דאָס פינפטע קאפיטל

## וואָס מיט אונדזערע פארשוינען פאסירט זיך באלד באַם ערשטן ארויספאָר

אונדזערע פארשוינען האָבן זיך א לאָז געטאָן ראפטאָם און גענאנגען געשמאק ניך, גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך אָפּגעריסן פון א קייט, אָדער גלײַך ווי איינער וואָלט זיי פון הינטן געטריבן מיט א בײַטש. מיט זייערע ברייטע פּאָלעס, וואָס האָבן געשוועבט אפן ווינט, האָבן זיי זיך געמעגט גלײַכן צו א ש'פ, וואָס גייט געשווינד אפ אירע אויסגעשפּרייטע זעגלען. די קאָנדוקטאָרס פון געוויסע דיליזשאנסן אין אונדזער ווינקל וואָלטן זיך,

כ'לעבן, גנמעגט ווינטשן: האלעוויַ דער גאנג פון אונדזערע וואנדערער — אַפֿ זייערע פערד געזאָגט געוויאָרן! סאָראָקעס און וואָראָנעס, וואָס האָבן ארומגעשפּאצירט אַפֿ דער ערד, האָבן מיט דערעכ-ערעץ אָפּגעטראָטן דעם וועג, און זענען שרײַענ-דיק זיך צעפֿלויגן אין אלע זײַטן, מאכמעס גרויס פּאכעד פֿאַר די צווייפיסיקע מינע באשעפענישן, וואָס האָבן זיך געיאָגט מיט גרויס כיישעק און היסלײַיוועס.

קיין פּעם איז נישט בעיעכוילעס [1] צו באשרײַבן, ווי גליקלעך, איבערגליקלעך זיי זענען דענסטמאָל געווען. עס האָט זיי עפּעס מעשונע האנאָע געטאָן, און זענען געווען שטארק צופרידן — צופרידן פֿון זיך אליין, צופרידן איינער פֿונעם אנדערן און צו-פרידן פֿון דער גאנצער וועלט.

סענדערל, ווי עס האָט אויסגעזען, איז זייער פריילעך גע-ווען, וואָס ער האָט זיך ארויסגעכאפּט פֿון זײַן ווײַבס הענט און איז פּאָטער געוואָרן אזא שווערן, ביטערן גאָלעס. נעכטיקער טאָג באזונדערס איז פֿאַר אים, נעבעך, געווען זייער א שווערער, א ביטערער, א טאָג פֿון צאָרעס און יעסורים, וואָס האָט איבער-געלאָזט א סליעד פֿון סיניאקעס אַפֿ זײַן לײַב, וואָס האָט מיט שטו-רעם אויסגעוואָרצלט א סאך האָר פֿון זײַן בערדל און יוואָס האָט גאנץ פרײַ פֿאַר דער גאנצער וועלט זיך געכאסמעט מיט ברוינ-בלויע צייכנס אונטער זײַנע ביידע אויגן. נישט פֿאַר אײַך, פּאנ-טאָפּל-מענער, געזאָגט געוואָרן אזא וויסטן פינצטערן פּעטשא-טאָק, וועלכן סענדערל, נעבעך, האָט נעכטן פרי געכאפּט פֿון זײַן באָכערטע!

א היפּשע צײַט זענען אונדזערע פּארשוינען געלאָפֿן קימאט אָן א נעשאָמע, שא, שטיל, נישט צו רעדן איינער מיט דעם

---

1 איז ביט אימשטאנד; קאָן ביט.

אנדערנ א וואָרט. זיי האָבנ זיכ שטארק דערוואָרעמט, אונ גרויסע טראָפּנ שוויים האָבנ זיי ארויסגעטראָטנ אפנ פּאָנעמ. סענדערל האָט אָנגעהויבנ ביסלעכווייַז זיכ אָפּצושטעלנ אונ נעסאָפּעט ווי א גאנדז.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט ביניאָמינ אימ אלצ אונטערגעגעבנ קוראזש אונ איז געלאָפנ מיט אימפּעט פּאָרויס, ווי א גיבער, וואָס גורט אָנ זייַנע לענדנ אונ לויפט מיט פֿייַל־אונ־בויגנ אינ דער מילכאָמע.

— גוואלד, ביניאָמינ, האָב ראכמאָנעס אפ מייַנ נעשאָמע! — האָט סענדערל געבעטנ ראכמימ. — איכ האָב מער קיינ קויעכ נישט דיר נאָכצולויפנ. דו לויפסט, אָנ אייַנהאָרע, ווי א הירש אפ די בערג אונ ווי א צאפ פאר דער טשערעדע.

— גיכער, גיכער, סענדערל! — האָט ביניאָמינ אימ אלצ געשריגנ אונ געלאָפנ פּאָרויס מיט גאדלעס אפ זייַנ בערייִש־קייַט. — זעסטו, סענדערל, איכ וואָלט אזוי געלאָפנ, געלאָפנ ביז עק וועלט!

— נאָר צו וואָס, ביניאָמינ, איכ בעט דיכ, לויפסטו אזוי? — האָט סענדערל געפרעגט. — מיר וועלנ, כ׳לעבנ, גאָרנישט פארזאמענ. אז מיר וועלנ אָנקומענ אהינ שפּעטער מיט א טאָג אָדער אפילע מיט עטלעכע טעג, איז אויכ, כ׳לעבנ, קיינ סאקאָנע נישט. די וועלט וועט נאָכ אזוי גיכ נישט אונטערגיינ. זי האָט נאָכ צו שטיינ, קעפּי איכ האָב געהאָרכט, ביז דעמ אלף השביעי[1], שטארקע עטלעכע הונדערט יאָר.

— גיכער, סענדערל, גיכער, אנ אוויירע די צייַט! וואָס גיכער ארויסרייַסנ זיכ פונדאנענ, איז אלצ בעסער. האָרעווע,

---

1 עלעפ האשוויז — דער זיבעטער יאָרטויזנט לויטנ יידישנ רעליגיעזנ קאַלענדאר (דאָס יאָר 1878, ווענ ס׳איז דערשינענ „מאסאָעס״, איז לויט דער דאָזיקער צייַט־רעכענונג געווענ דאָס יאָר 5638).

סענדרל, קנעל א ביסל צו, נישקאָשע! דערפאר, קומענדיק אהינ, וועסטו אויסגלייַכנ דיר די ביינער, וועסט עטעמענ אונ לעבנ ווי א סראָרע.

— דו ביסט, ביניאָמינ, זייער גערעכט. דו ווילסט גיכער, וואָס פאר א דינגע איך האָב, זאָל זײַנ גיכער, בא מיר האָסטו געפויעלט, נאָר וואָס טוט מענ מיט די פיס, מיט מײַנע פיס?

איינ ברײרע, ביניאָמינ האָט געמוזט צוליב טאָנ סענדער־לענ אונ אײַנהאַלטנ א ביסל דעם גאנג.

אז די זונ איז ארוים פונ איר פוטערפאס אונ האָט געשמאק געוואָרעמט, געבראָטנ מיט אירע ליכטיקע שטראַלנ, זענענ אונ־דזערע וואנדערער אנידערגעפאלנ לעבנ א וועלדעלע, בא דער זײַט פונעם וועג. זיי זענענ געלעגנ אינ איינ שוויים אונ האָבנ שטארק געסאָפּעט, געמאכט מיט די זײַטנ, די פרישע סיניאקעס האָבנ בא סענדערלענ זיך צעפּרֵיעט, אונ ער האָט געפילט א וויטעק, ווי מענ שטעכט מיט שפּילקעס.

נאָך דעם, אז זיי האָבנ א ביסל אָפּגערוט, איז די ערשטע זאך זייערע געווענ ארויסצונעמענ טאַלעס־אונ־טפילנ אונ דאווענ. ביניאָמינ האָט זיך געשאָקלט, געדאַוונט לעבעדיק, מיט א ברענ. ער איז ווערט געווענ דערנאָך א ביסל בראנפנ. נאָר ווי האָט ער עס אָבער געקענט דאָ אויספירנ? ער וואָלט גערנ געווענ, ער זאָל האָבנ כאָטש א שטיקל ברויט. דאָס הארצ האָט אים געכאַלעשט, דער אפּעטיט זײַנער איז געווענ זייער גרויס נאָך אזא געשמאקנ גאנג. ער וואָלט געקענט אופעסנ א וועלט, אונ דאָ האָט בא אים, מויַיסע כאָטנ [1], זיך נישט געפונענ אפילע א ברעקל ברויט ווי א קעזאֵים [2].

---

1 א שפּיצל פונעם טײַוול. געמיינט: ווי אפ צולאָכעס. — 2 ווי אנ איילבערט די גרייס.

ער האָט געוואָרפנ מיט די אויגנ אהינ אונ אהער, אויסגעקנאקט די פינגער, געגענעצט, זיכ געקראצט, פּאָסמאקעוועט, געמאכט אלצ טא-טא, געגלעט, געצויגנ די פּייעס, דאָס בערדל, נאָכאמאָל א קראצ אונ נאָכאמאָל טא, ביז ער האָט זיכ מעיאשעוו געוועג אונ ארויסדערטאפּט פונעמ קלומעקל עפּעס א פערטלדיקנ סייפער ווי א מאכזערל, אינ וועלכנ ער האָט אריַינגעקוקט אונ אונטערגעברומט מיט אנ אקדאָמעס[1]-ניגנדל.

— סענדערל! — האָט ביניאָמינ אינדערמיט מאפסיק געוועג[2], — דו ווייסט, וואָס איכ זאָג דאָ איצט אזוינס? דו ווייסט, פארוואָס איכ זאָג עס איצט מיט דעמ ניגנדל?

— דו מוזט אוואדע הונגעריק זײַנ, — האָט סענדערל געענטפערט ביטמימועס.

— גראמ-שטראמ, — האָט ביניאָמינ זיכ אָנגערופנ, — אונ אז איכ בינ הונגעריק, מיילע?!

— מיילע, מיילע, דעריבער זינגסטו, — האָט סענדערל געענטפערט, — ס'איז דאָכ דאָ א בעפיירעש ווערטל: קאָלי זשיד ספּיוואיע, קאָלי ווינ גאָלאָדני. דו, ביניאָמינ, מעגסט דיר זינגענ, זינג דיר, זינג, אונ איכ וועל מיר דערווײַל עפּעס אנדערש טאָנ.

אינ דעמ, ווי סענדערל האָט גערעדט, האָט ער טאקע אריַינגעשטעקט די האנט זײַנע צו זיכ אינ פּעקל אונ ארויסבאקומענ פונ דאָרט א טאָרבע.

— עט, דו ווייסט נישט, דו פארשטייסט נישט, אקעגנ וואָס איכ טו עס, — האָט ביניאָמינ געזאָגט. — סענדערל, נארעלע, איכ וועל דיר מעפוירעש זײַנ[3] דעמ טאמ דערפונ.

---

1 דער רעטשיטאטיוו פונעמ רעליגיעזנ הימנ „אקדאָמעס“, וואָס מע זאָגט שוועס. דער הימנ איז אָנגעשריבנ אפּ אראמיש אונ פארפאסט האָט אימ ניט עלדאָד־האדאָני, ווי ביניאָמינ מיינט. — 2 איבערגעריסנ. — 3 דערקלערנ.

נאָר סענדערל אָבער האָט דערווײַל זיכ זײַנס געטאָנ אונ פּאמעלעכ=פּאמעלעכ אופגעבונדנ די טאָרבע. אז ביניאָמינ האָט א קוק געטאָנ, איז אימ ליכטיק געוואָרנ אינ אלע רמח [1] אייוורימ. אינ טאָרבע איז געלעגנ פונ קאָלטווו [2]: ברויט, שטיקלעכ קוילעטש, וואָס איז איבערגעבליבנ פונ שאבעס, אוגערקעס, רעטעכלעכ, ציבעלעס אונ קנאָבל! סענדערל האָט אינזינענ געהאט אלצדינג אָנצוגרייטנ ווי א גוטע באלעבאָסטע, אונ ער איז בא ביניאָמינענ דערפאר געהויכט, געקרוינט געוואָרנ נאָכ א סאכ מער ווי פריִער. ביניאָמינ האָט אינ הארצ זיכ שטארק געפרייט, וואָס האשעמ=יִסבאָרעכ האָט אימ באשערט אזא טײַערנ כאווער אפ דער נעסיִע. סענדערלענ האָט מיר גאָט צוגעשיקט, אזוי האָט ער געטראכט, ווי די קינדער יִסראָעל מאנ אינ דער מידבער.

נאָכ דעמ, אז זיי האָבנ אונטערגעלענט זייער הארצ, האָט סענדערל אײַנגעוויקלט דאָס ביסל שפּײַז, וואָס איז איבערגעבליבנ, צוריק אינ טאָרבעלע, מיט די ווערטער:

— דאָס ביסל שפּײַז וועט אונדז צוניצ קומענ נאָכ אפ א מאָל, אונ דאָס טאָרבעלע אפ טויזנט מאָל, אפ אונדזער גאנצנ לעבנ. דערמיט וועלנ מיר, אימ=יִרצע=האשעמ, איבער די הײַזער ארומגיינ. נישקאָשע, גאָט באָרוכ=הו וועט אונדז העלפנ!

דאָס וווּנדערלעכע טישטעכל אינ די מײַסע=ביכלעכ, וואָס מענ זאָגט: טישטעכל, טישטעכל, גיב מיר עסנ! גיב מיר דאָס, גיב מיר יענצ! אונ דאָס טישטעכל גיט — אָט דאָס דאָזיקע כידושימ=וווּנדערלעכע טישטעכל איז בא אונדז יִדנ די טאָרבע. פיל נעפאשעס, זייער פיל, שפּײַזנ זיכ כידעשלעכ=גרינג זייער גאנצ לעבנ נאָר פונ דער טאָרבע אונ לאָזנ זי איבער בעיערושע קינדס=קינדער. די טאָרבע איז, אינ טאָכ ארײַנ, אלצ איינע,

---

1 ראמאכ — 248; געמיינט: אינ אלע גלידער, ווײַל לויט דער פאָרשטעלונג פונ טאלמוד פארמאָגט דער קערפּער פונעמ מענטשנ 248 גלידער. — 2 אלדאָס גוטס.

נאָר באַ פאַרשיידענע קלאַסן מענטשן באַקומט זי אַן אַנדער מין פאָרמע און אַן אַנדער מין נאָמען. באַם פראָסטן אוילעם איז זי פּאָשעט אַ טאָרבע, אַ פּראָסטע לײַוונטענע טאָרבע, באַם געהויבענעם אוילעם נעמט זי אָן אַלערליי מינע געשטאַלטן, ווי אַשטייגער: אַ קעסטעלע, אַ קאָראָבקעלע, אַ קליי-קוידעשל, אַ כעוורעלע, אַ פּושקעלע, אַ קאָהאָלש בײַטעלע, אַ גמילאַס-כעסעד-באַנקעלע, אַ מעכאַברישער פּלוידער-זעקעלע אוכדוימע. די אַלע זענען בעעמעס טאַקע נאָר טאָרבעס, טאָרבעס, עכטע ייִדישע טאָרבעס!..

— סענדערל! — האָט ביניאָמין זיך אָנגערופן, געשטאַרקט פון סענדערלס ווערטער. — מיר ביידע זענען אַ זיווג מן השמים[1], מיר ביידע זענען ווי אַ גוף מיט דער נעשאָמע. ווען דו זאָרגסט אין גאַשמיִעס[2] מיקויעכ עסן און טרינקען אַף אונדזער נעסיִע, אַקעגן זשע זאָרג איך אין רוכניִעס-זאַכן[3]. נאָכאַמאָל פרעג איך דיך, סענדערל, דו ווייסט, פאַרוואָס איך זאָג אַקדאָ-מעס? איך האָב דערמיט אַ גרויסן קיוון[4]. איך זאָרג מיך איצט, אַז האַשעם-ייִסבאָרעך וועט אונדז בעשאָלעם ברענגען אַהין, צו די בניי-מוישע, זאָלן מיר קענען אַ מויל עפענען און מיט זיי זיך אויסטײַנען. זיי רעדן עפּעס האַלב-טאַרגעם[5], צומייסטן רעדן זיי דאָרט אַקדאָמעס-לאָשן. עלדאָד-האַדאָני, וואָס איז פון יענעם ווינקל צו אונדז געקומען, ער האָט דאָך דאָס דעם אַקדאָ-מעס געמאַכט. ושריות שותא[6], סענדערל, איז דער טײַטש — איך הייב אָן צו שפּרעכן, געדענק זשע, סענדערל! דאָ אין כוצ-לאָאָרעץ[7] קען מען זיך באַגיין מיט אונדזער לאָשן, מיט דײַטש, אָבער דאָרט מוזן זיי קיין דײַטש אוואַדע נישט קענען.

1 זיווג מין האַשאָמאַיִם — געמיינט: אַ באַשערטע פּאָר. — 2 מאַטעריעלע זאַכן. — 3 גײַסטיקע זאַכן. — 4 אַ מיין. — 5 איבערזעצונג; געמיינט: דאָס לאָשן פון דער אַראַמישער ביבל־איבערזעצונג. — 6 וועשאָראָיוס שוסאָ. — 7 אויסלאַנד. געמיינט: ניט פּאַלעסטינע.

— איך פֿאַרלאָז מיך אין די זאַכן אינגאַנצן אויף דיר, — האָט סענדערל געזאָגט בעהאַכנאָע.[1] — דו ביסט אַ געלערנטער מענטש און קוקסט אַרײַן אין דײַנע ספֿאָרים, מיסטאָמע ווײסטו, וואָס דו טוסט, ווהיינ די גייסט. אַ סימען, איך האָב דיך אפֿילע נישט איבערגעפֿרעגט, צי גייען מיר מיט דעם גלײַכן וועג. דו גייסט, וואָס פֿאַר אַ דײַגע איך האָב, גיי, איך גיי דיר נאָך ווי אַ קו נאָך אַ קעלבל.

בינימינען האָט מעשונע האַנאָע געטאָן סענדערלס גרויסער ביטאָכן אויף זײַן כאָכמע. ער האָט באַ זיך אין די אויגן אויסגעזען ווי אַ שיפֿס-קאַפּיטאַן, וואָס ער אַליין פֿירט די שיף אויפֿן יאַם. דאָס פֿונדערסטוועגן האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן זיך באַלד טאַקע צו באַטראַכטן, אַז ער ווייסט בעעמעס נישט, ווו ער געפֿינט זיך, מעגלעך עפּשער בלאָנדזעט ער און איז גאָר אַראָפּ פֿונעם וועג.

דערווײַל ווי ער האָט געטראַכט, האָט גאָט אָנגעטראָגן אַ מוזשיק, וואָס ער איז געפֿאָרן פֿאַרבײַ אויף אַ פֿולן, אָנגעטאָסעוועטן וואָגן מיט היי.

— סענדערל, — האָט בינימין געזאָגט, — עס שאַדט קלאַל נישט אַ פֿרעג צו געבן דעם אָרל מיקויעך דעם וועג. גיי אויף ציקאָוועשטש, גיב אַ פֿרעג. דאָ אין כוץ-לאָאָרעץ וועסטו בעסער פֿון מיר זיך קענען אויסטײַנען מיט די מוזשיקעס אויף זייער גראָבן לאָשן. דײַנע פּלויניסטע פֿלעגט דאָך עפּטערס דיך מיטנעמען מיט זיך אויפֿן מאַרק.

סענדערל האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן אָרט, צוגעגאַנגען מיט גרוים דרך-ערעץ צום מוזשיק און געזאָגט קעהײַ לישנאָ:[2]

— דאָברי דיען! קאַזשי נאָ, טשעלאָוויטשע, קודי דאָראָגי אויף ערעץ-ייִסראָעל?

1 אונטערטעניק. — 2 מיט אָט די ווערטער.

— שטשאָ?! — האָט דער מוזשיק פאַרווּנדערט געמאַכט און אויסגעשטעלט א פּאָר אויגן. — יאַקי סרול? ני באַטשיל יא סרוליא!

— ני, ני! — האָט בּיניאָמין זיך נישט געקענט איינהאַלטן און זיך אַריינגעמישט פונדערווייטן. — עטאָ ווי סרול, א ווינ, לעהאווּדל, ערעצ-ייִסראָעל קאַזאַטע ווינ. סענדערל, זאָג אים נאָכאַמאָל בעפּיירעש אַרויס. ער האָט א פּויערש קעפּעלע. שאַרפער, שאַרפער, סענדערל!

— אַפ עררעצ-ייִסראָעל קודי דאָראָגי? — האָט סענדערל נאָכאַמאָל שאַרף איבערגעכאַזערט.

— א פּיעס וואַס, זשידקי, זנייעט, שטשאָ ווי מאָראָטשעטע מעני גאָלאָווי, עטאָ דאָראָגי דאָ פּיעווקי, א וויני עלעסלאָעל! עלעסלאָעל! — האָט דער מוזשיק זיך נאָכגעקרימט, א שפּיי געטאָן און אַוועקגעפאָרן ווייטער.

אונדזערע פאַרשוינען האָבן זיך געלאָזט ווייטער אין וועג. בּיניאָמין האָט געפילט א ווייטעק אין די ליטקעס, די פיס זענען אים געווען, לוי-אַלייכעם, ווי אָפּגעשניטן. דאָך האָט ער, נעבעך, זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט, זיך געמאַכט האַרץ, אַלץ אונטערגעגעבן קוראַזש. און מאַכמעס אים איז, נישט פאַר קיין ייִדן געדאַכט, זייער שווער געווען צו גיין גלייך און געשווינד, האָט ער געמוזט אַלץ אונטערשפּרינגען. אַוואַדע איז דאָס נישט געווען אַזאַ גאַנג ווי פריִער. עס איז געווען געמוטשעט. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער געטאָן זיינס און איז געגאַנגען, וואָרעם די קאַשע איז דאָך, וואָס האָט ער דען געקענט מאַכן? אַנידערלייגן זיך, סאָנע-ציִען, אַפן וועג? מיילע, וואָס וואָלט דערפון דער טאַכלעס געווען? הייַנט ווי לייגט עס זיך א ייִד אינמיטן וועג גלאַט אַנידער? ער וואָלט נאָר מעצאַער געווען[1] סענדער-

---

1 פאַרשאַפן צאַר, ווייטעק.

לעג, און די נעסיע וואָלט, כאָלילע, אופגעהאַלטנ געוואָרנ. האקלאַל, זיי זענענ געגאַנגענ, געגאַנגענ אזוי א גאַנצנ טאָג, ביז גאָט האָט זיי בעשאָלעמ געבראַכט קיינ פּיעווקי אפ נאַכטלעגער.

ארײַנקומענדיק אינ פּיעווקער קרעטשמע, איז ביניאָמינס ערשטע זאַכ געווענ זיכ א וואָרפ צו טאָנ ווי גרויס ער איז אינ א ווינקעלע, אויסצורוּענ די פּיס און כאַפּנ דעמ אָטעמ.

סענדערל איז, ווי אנ אַלטע באַלעבאָסטע, געגאַנגענ צו באַ־שעפּטיקנ זיכ אינ דעמ באַלעבאַטישקײַט און שמועסנ מיקויעכ וועטשערע.

דער ארענדאַר האָט אָנגעקוקט סענדערלענ פונ קאָפּ ביז די פּיס און האָט פונ זײַנ גאַנצנ הוילעכ ארויסגעזענ, אז דאָס איז עפּעס נישט גלאַט אזא פּאַרשוינ ווי אנדערע, וואָס פאָרנ גע־וויינטלעכ דורכ. ער האָט אימ אָפּגעשטעקט א שאָלעמ־אַלייכעמ, און אפ דער שײַלע: מא שמייכעמ$_1$? פונוואַנענ איז א ייִד? האָט סענדערל געענטפערט ביטמימעס, ער הייסט סענדערל, ער איז א שטיקל ערעצ־יִיסראָעל־ייִד, ער איז מעשאַמעש$_2$ בא רעב ביני־יאָמינ, וואָס ליגט איצט מיט זײַנ קאָוועד דאָ אינ א ווינקל. דער ארענדאַר האָט געמאַכט א פרומ פּענעמל, זיכ א ביסל פאַר־טראַכט און געבעטנ סענדערלענ זיצנ.

לאָמיר לאָזנ די באַס־מאַלקע$_3$, דאָס הייסט, סענדערלענ, שמועסנ מיט דעמ ארענדאַר, און זיכ אומקערנ צומ בענ־מעלעכ$_4$, צו ביניאָמינענ, זענ, וואָס ער מאַכט און וואָס ער טוט.

אונדזער ביניאָמינ, אז ער האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ ווינקל, איז געבליבנ ליגנ ווי א שטיינ און נישט געוווּסט, אפ

---

1 ווי רופט מענ אײַכ? — 2 באַדינט. — 3 א פּרינצעסנ. — 4 א פּרינצ.

וועלכע אוילעם[1] ער איז. די אָדערן פֿון די פֿיס זענען געווען שטאַרק אָנגעקוואָלן, דאָס בלוט האָט אין זיי זיך צעשפּילט, געזעצט און געשטשיפּעט, גלײַך ווי מורעשקעס וואָלטן דאָרט הויפֿנסווײַז אַרומגעלאָפֿן און געביסן, געשטאָכן. די שלייפֿן האָבן געהאַקט, געקלאַפּט ווי האַמערס. אין די אויערן האָט פֿאַר־דומפּן גערוישט, און דאָס רוישן פֿלעגט זיך אַלץ אויסלאָזן צום סאָף מיט אַ הילכעדיקן לאַנגן קלונג, ווי אַ טקיעה־גדולה[2], אָדער מיט אַ שאַרפֿן שום, ווי בעשאַס מען לאָזט ראַקעטן. באַ איטע־לעכן אַרויספּלײַענדיקן ראַקעט פֿונעם קאָפּ האָט מיטאַמאָל אים אַ בלישטשע געגעבן אין די אויגן טויזנטערליי פֿײַערווערק: געל־לע, גרינע, בלויע, העלע, רויטע, פּאָמסענע[3], נאָך אַ נאָך קאָ־לירן אָן אַן עק, אָן אַ סאָף. אין אַ מינוט אַרום ווערן די פֿײַער־ווערק אויסגעלאָשן, כווישעך־פֿינצטער ווערט אים אין די אויגן, און אין די אויערן רוישט ווידער ווי אין אַ מיל.

ליגנדיק פֿאַרטראָגן אַזוי אַ היפּשע צײַט, הערט בינימין אַ קאָל פֿון גלעקלעך קלינגען אין דרויסן פֿונדערווײַטן. מיט איטע־לעכער מינוט קומט דער קאָל צו אַלץ נעענטער, נעענטער, ווערט אַלץ העלער אי שטאַרקער, און פּלוצלים גיט אַ סקריפּ ווי אַ וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן טויער. פֿונעם וואָגן לאָזן זיך הערן אַלערליי מינע קולעס: בײַקעלכלעך, פּיסטלעך, געמבעס, היי־זעריקע, כאָרכלענדיקע אי צונעלעגערטע שטימעס, גלײַך ווי אַ גאַנץ שטעטל האָט דאָרט זיך פֿאַרקליבן אויף אַ וויכטיקער, וואַזש־נער אַסיפֿע. אַלע רעדן, שרײַען מיטאַמאָל, און מען הערט נישט איין וואָרט. פֿון קעץ, וואָס פֿאַרזאַמלען זיך צײַטנווײַז אויף די דעכער, הערט מען כאָטש אַ מיאַוקען, דאָס הייסט, ווען אַפֿילע

---

1 וועלט. — 2 אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער טאָן באַם בלאָזן שופֿר. — 3 טיף רויטע.

קאצנ־לאָשנ איז נישט צום פארשטיינ, דאָכ, אויסהערנדיק א סאָבראניע קעצ, קענ מענ וויינקסטנס זאָגנ גאנצ באשטימט: יאָ, די קעצ מיאוּקענ. נאָר דאָ אָבער איז ריינ אומעגלעכ צו באַשטימענ אי דאָס אויכ, וואָס פאר א מינ איז דאָס געשריי פונ די פארשוינענ, ווײַל דערינענ איז־אויסגעמישט אי געלעכטער, אי א געקרעכצעריַי, געזיפצעריַי, אי א שושקעריַי, אי א קוויטשעריַי, אי א טאָנ פונ א שייגעצ, אי דאָס זיסע כאניפע־קעלכל, אי א הוסטעריַי, אי נאָז־שנײַיצעריַי, א געקלאפעריַי אונ א געפּאַטשעריַי. היינט גיי פארשטיי, וואָס דאָס אלצדינג איניינעמ איז, וואָס דאָס באטײַט? באלד דערופ עפנט זיכ די טיר, אונ א כאָפּטע מענטשנ שיטנ זיכ ארײַנ אינ שטוב מיט אימפּעט.

בינימינ רוקט זיכ ווײַטער, ווײַטער אינ ווינקל אונ נורעט זיכ שטארק אײַנ.

דערווײַל ווערט אינ שטוב זייער ליכטיק פונ א סאכ ליכט, וואָס ברענענ אינ שאבעסדיקע מעשענע לײַכטער; א טייל זענענ פארשטאָפּט מיט שנויצנ, אונ די ליכט שטייענ אפ זיי צוגעשמאָלצנ, נאָר אפ מישקווילעס[1], א טייל זענענ מיט צו גרויסע, ברייטע, נישט קיינ טיפע לעכער, אונ די ליכט שטייענ אינ זיי קרומ, אינ דער זײַט פארשטעקט פונ אונטנ מיט א קויל.

באמ עק פונ א לאנגנ דעמבענעמ טיש זיצט א כעוורע קלעזמער אונ סטרויענ, שטעלנ אָנ זייערע קיילימ. דער פידלער פּאָרעט זיכ מיט דער פידל, קיצלט זי מיט פינגער, אונ איטלעכע סטרונע רופט זיכ אָפּ: זימ, זימ, זימ אפ איר קאָל, גלײַכ ווי זיי רעדנ: נישקאָשע, מענגסט אונדז קיצלענ, פונ־אונדזערטוועגנ זעענ מיר פארטיק, אבי פונ דײַנ סמיטשעק זאָל נאָר קיינ מעניִע נישט זײַנ. ער כאפּט זיכ צומ סמיטשעק, גלעט אימ אונ האלט

---

1 האלטנ זיכ אפ א האָר.

אים גרייט צום שפּיל. דער פּלייטער שמועסט איבער שטיל מיט דער פלייט, זי פּײַפט אים שטילערהייט אָנ, און דער צימבלער לויפט זיך דורך איבער דעם צימבל און קלאַפּט זיך פּאמעלעך מיט די העמערלעך. נאָר דער בלינדער פּויקער זיצט אָנגערוקט מיט דער קוטשמע איבער די אויגנ און כאַפּט א דרעמל.

לעבנ די קלעזמער שטייט אפ א בענקל עפּעס א מינ פּאר־שוינ, וואָס קוים רעדט ער אויס א וואָרט, שטיקט מענ זיך פאר געלעכטער, אפילע קינדער, וואָס שטייענ אָנגעשטופּט און קוקנ אריינ פונ די פענצטער, לאכנ מעשונע און קרימענ זיך נאָך. דער פארשוינ גיט דערנאָך א געשריי: הארייי! ליכוויד די מעכו־טאָנימ אוליכוויד דעמ באלעבאָס ולכבוד כל המסובים בכאן [1] שפּילט אָפּ א לעבעדיקס, א פריילעכס! און די קלעזמער צעלאָזנ זיך באלד אפ די קיילימ, פריילעכ, לעבעדיק, ווײַבער מיט מאנצבלענ נעמענ זיך צונויפ און טאנצנ א ראָד—האָצ, האָצ.

אלצדינג האָט זיך באוועגט, אפילע וואנצנ אי טאראקאנעס זענענ ארויס פונ די שפּאלטנ און זיך צעקראָכנ איבער די ווענט.

טאנצנדיק פאלט איינער ארופ אפ ביניאָמינענ אינ ווינקל. דער טענצער קוקט אימ אינ פּאָנעם ארײַנ און לאָזט ארויס א געשריי:

— א, ביניאָמינ! איך האָב אימ דערטאפּט, כ׳לעבנ, די קאָ־שערע מעציִע, ער איז דאָ, ער איז דאָ!

אפ דעמ געשריי לויפנ צו נאָך מענטשנ. ביניאָמינ דערקענט צווישנ זיי טונעיאדעווקער פּײַנע־בעריעס און דעמ דאָרטיקנ רעוול.

איינ קאָל, איינ געשריי:

---

[1] וועליכוויד קאָל האמעסובימ בעקאנ — און צומ קאָוועד פונ די אלע, וואָס זיצנ דאָ.

— ביניאָמין, קום טאַנצן! ביניאָמין, קום טאַנצן!

— איך קען, אָסער, ניט, — בעט זיך ביניאָמין ראַכמים, — איך קען זיך נישט רירן פֿונעם אָרט.

— נישקאָשע, נישקאָשע! — ענטפֿערט מען אים. — קום, זאָגט מען דיר, דו וועסט קענען. וואָס האָט מען דאָ צו קענען? אָדאָם א מענטש, קאַטשקע רוק זיך! ריר זיך, בעהיימע, מיר וועלן נישקאָשע דערציילן.

— זעלדען! — גיט ביניאָמין א געשריי אין איין אָטעם. — איך בעט אייַך, דערציילט נישט זעלדען!

— ריר זיך זשע, בעהיימע! — שרייַט מען אים. — ריר זיך, בעהיימע, שטעל זיך שוין אַף די פֿיס!

— דערבאַרעמט זיך, ייִדישע קינדער! — בעט זיך ביניאָ- מין. — איך קען, כ'לעבן, זיך איצט נישט רירן. איך האָב א טאַם, פֿאַרוואָס איך קען נישט. ס'איז א סאָד, וואָס איך וועל אים מעגאַלע זייַן [1] דעם ראָוו.

און ווי ער כאַפּט אַרום דעם ראָוו פֿעסט מיט בײדע הענט אייַנצוראַוומען אים אין אויער א סאָד, פֿילט ער פֿלוצלים א שרעקלעכן זעץ אין דער זייַט, אַזש ס'איז אים פֿאַרגאַנגען אין דער נאָז ווי פֿון כריין. ער גיט זיך פֿאַר ווייטעק א וואָרף, רייַבט די אויגן און זעט, אין שטוב איז גאָר טונקל, די לעוואָנע שייַנט אַרייַן פֿון די פֿענצטער. ער ליגט לעבן א קעלבל און האַלט זי אַרומגענומען שטייַף מיט בײדע הענט.

וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס?! פֿונוואַנען נעמט זיך דאָ פֿלוצלים א קעלבל? האָט זיך דען ביניאָמין געקעלבט? נאָר ווי שיקט זיך עס? אָנגענומען די סוואָרע — ביניאָמין איז א בעהיימע, צען מאָל, הונדערט מאָל א בעהיימע, נאָר ער איז דאָך אָבער א צוויי-

[1] אָנטפּלעקן; אויסזאָגן.

פיסיקע בעהיימע, און ווי איז דאָס געהערט אי געזוען געוואָרן, אז א צווייפיסיקע בעהיימע זאָל האָבן א קעלבל?! עמעס, בא אונדז איז דאָ א סאך קעלבלעך, און דאָסראָוו דאפקע אין ליי־טישע הייזער, אָבער דאָס זענען דאָך פּאָרט נישט מער ווי קעלב־לעך אין א מענטשנס געשטאלט. זיי זענען נאָך דאָסראָוו גראָד זייער שיין, מיט א שיין פּענעמל און מיט כיין־גריבעלעך. אָבער דאָס קעלבל, וועלכע ביניאָמינ האלדזט דאָ און נעמט זי שטארק ארום, איז דאָך טאקע פּאָשעט אנ עמעס קעלבל. הייַנט פונוואַ־נען, איז די קאשע, האָט זי זיך אהער גענומענ? א כידעש־ניפּ־לע [1]. נישט אנדערש, זי איז פונעמ הימל אראָפּגעפאלנ?..

ניין, ראבויסיי, גלייבט נישט אין הימלשע קעלבלעך. צווישנ אלע אונדזערע קעלבער איז אפילע נישט אי איינ קעלבל פונעמ הימל אראָפּגעשיקט געוואָרנ. עס איז גאָר נישט אזא כידעש־ניפלע, ווי איר מיינט. איר האָט זיך אפ דעמ קעלבל גאָרנישט אזוי צו וווּנדערנ און פונ אימ אזא פּיירעש צו מאכנ. פּראָסטע איז מאָסטע, נאָר אָנ קונצנ. די מייַסע דערפונ איז אזוי געשענ.

אז ביניאָמינ איז, נישט טויט, נישט לעבעדיק, אנידערגעפאלנ אינ ווינקל, האָט ער פאר גרויס מידיקייַט נישט באמערקט, אז דאָרט ליגט א קעלבל. בעשאס אימ האָבנ זיך צעשפּילט די גע־ליטנ, איז ער אנשלאָפנ געוואָרנ און אימ האָט זיך פּאָרגע־שטעלט אינ כאָלעמ די גאנצע כאסענע מיט די מעכוטאָנימ און מיט די קלעזמער. ער איז געוועזנ שרעקלעך אומרויק, זיך אלץ גערוקט, גערוקט אינ ווינקל. און בעשאס ער האָט אינ כאָלעמ ארומגענומענ דעמ טונעיאדעוועקער רעוול, האָט ער גאָר ארומ־געכאפּט פעסט דעמ פּיעוועקער ארענדארס קעלבל און אימ איינ־

[1] געמיינט: א גרויסער וווּנדער.

גערוימט אין אויער דעם סאָד פֿון זײַן נעסיִע. דאָס קעלבל אָבער האָט עס נישט גוירעס געווען1, נישט געוואָלט לײַדן, מען זאָל אים אזוי האלדזן אי שטיקן. עס האָט אויסגעשטרעקט דאָס פיסל, אָנגערירט בינימינען אין דער דיך, און בינימין האָט זיך אופגעכאפט.

אז בינימין האָט זיך אופגעכאפט, האָט ער נאָך אלץ גע־האלטן ארומגענומען דאָס קעלבל מיט ביידע הענט זייער פאר־דולט און צעמישט. ערשט אין א רעגע שפעטער האָט ער פֿון זיך א שטופ געטאָן דאָס קעלבל, זיך אופגעהויבן דערשראָקן און זיך געלאָזט גיין געשווינד. דאָס קעלבל פֿון זײַן זײַט, וויבאלד עס איז לייז געוואָרן פֿון פרעמדע הענט, איז אויך אופגעשטאנען געשווינד און זיך געלאָזט מאכן א פליטע, איז, לויפנדיק, ארופ ראפטאָם אף בינימינען, און ביידע זענען געפאלן איבער א גרויסן צעבער וואסער, טראך מיט א שרעקלעכן קלאפ!

שטארק דערשראָקן פֿון אזא טראך איז סענדערל און דער ארענדאר מיט א ליכטל אין האנט ארויסגעלאָפן פֿונעם אנדערן ביידער אין שטוב ארײַן. זיי גיבן א בליק: אָ־וואַ, א שרעק! בי־ניאָמין מיט דעם קעלבל ליגן ביידע אויסגעצויגן אף דער ערד און שווימען פאַשעט אין א לוזשע וואסער, עפעס נישט אזוי פריש שמעקנדיק!

ווען א לידל־מאכער זאָל געווען דענסטמאָל זיי ביידע אָנ־קוקן, וואָלט ער אזוי געמאכט: „ליבהארצעדיקע און זיסע, אי אין ווינקל אי אין דער לוזשע זענען זיי ניט צעשיידט געוואָרן!“

נאָר דער ארענדאר און סענדערל זענען געווען פּראָסטע באָ־סאָר־וואָדאָם, נישט קיין לידל־מאכער, און האָבן די ליבהאר־

---

1 געמיינט: ניט אָנגענומען.

צעדיקע אי זיסע באלד צעשיידט. דאָס קעלבל האָט מען אָפּגע-
שיקט צו דער מוטער מיט שטעכווערטלעך פאַר איר שלעכטער
אויפירונג, און ביניאָמינען האָט מען פון דער טוזילע[1] אַריינ-
געפירט אינ א באַזונדערנ אַלקער און באַלייגט אפ ווייכע קו-
ליקלעך שטרוי מיט א קישן צוקאָפּנ.

[1] דאָס אָפּטוקנ זיך; דאָס אויס-צאָדנ זיך.





## דאָס זעקסטע קאַפּיטל

### ווי אונדזערע פאַרשווינגענע פאַרשלעפּן זיך קיין טעטעריוווקע, און בינאָמין כאַפּט אַ פּאַטש

בינאָמינס אייוורים זענען אַ ביסל אָפּגעגאַנגען אין דער לייל־טווילע[1], נאָך דעם אָפּשווענקען זיך מיט אַ גאַנצן צעבער קאַל־טע וואַסער, און, אופשטייענדיק אינדערפרי, האָט ער זיך גע־פילט פרישער אי געזינטער. ער האָט באַשיימפּערלעך ארוים־געזען אַ פינגער פון ווונדער אין נעכטיקער מייַסע מיט דעם קעלבל, וואָס דורך אים גראָד איז געקומען די רעפוּע צו זייַנע וווּנדן. ער האָט באַוויזן סענדערלען דערמיט, ווי אומגע־רעכט דער זינדיקער מענטש איז, וואָס באַקלאָגט זיך בעשאַס

1 די באָד־נאַכט.

עפּעס אַנ אומגליק אונ פאַרשטייט נישט, אַז דאָס אומגליק קענ זײַנ, פירט גאָר צומ גליק, אונ פונ דער ראָע קומט אַרויס אַ טויווע; ווי דער איבערשטער מאַכט פאַר אַ שאָליִעכ אַלע זײַנע באַשעפעניש, אַפילע אַ בעהיימע; ווי אַ דאָקטער קענ אַמאָל גאָר זײַנ אַ קעלבל; ווי אַ מוק אַפילע קענ אַמאָל פּיקנ אינ קאָפּ, שטאַרק דאָקוטשענ אונ שטײנ אינ דער גאַרגערעס [1]. פאַר אַ רײַע דערצו דינט די מוק מיט טיטוס-האָראָשע [2] אינ די אַלטע צײַטנ. דאָס נעכטיקע באַגעגעניש איז אימ איצט געווענ אַ גוטער סימענ, אַז די נעסיִע זײַנע איז אינ אַ גוטער מאַזלדיקער שאָ, אונ ער וועט אימ-ייִרצע-האַשעמ מאַצליִעכ זײַנ צו דערגרייכנ, וואָס ער ווינטשט.

— אַ וואַסערטרעגער, וואָס גייט איבער מיט פולנ, איז פונ אייביק אָנ אַ גוטער סימענ, אַפּשיטע [3] שוינ אַ גרויסער, אַ פולער צעבער! — האָט סענדערל זיכ אָנגערופנ אונ צוגעבאַסעוועט מיט די רייד.

נאָר מאַכמעס דעמ ווייטעק, וואָס בעניאָמינ האָט נאָכ געפילט אינ די פיס, אונ מאַכמעס די קוליקלעכ שטרוי, וואָס דערופּ איז אימ ווייכ געווענ צו ליגנ, איז בעניאָמינ פאַרבליבנ דעמ גאַנצנ טאָג אינ פּיעווקע. ער איז געגליכנ געווענ צו אַ שיפּ אינ יאַמ, וואָס האָט זיכ געזעצט אַפּ אַ זאַמד אונ קיינ גוטער ווינט איז נישטאָ אַראָפּצוטרײַבנ פונ דאָרט.

אַפּ מאָרגנ גאַנצפרי האָט בעניאָמינ זיכ אופגעהויבנ פונ זײַנ געלעגער אונ זיכ געלאָזט ווײַטער אינ וועג אַרײַנ.

---

1 אינ גאָרגל; טיפ אינ האַלדז אַרײַנ. — 2 אַ טאַלמודישע לעגענדע, וואָס דערציילט, אַז גאָט האָט געשטראָפט דעמ רוימישנ קייסער טיטוס דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרניכטעט די מעלוכע יעהודע (די ייִדנ רופנ טיטוסנ דערפאַר ראָשע), מיט דעמ, וואָס אינ זײַנ מויעכ האָט זיכ אַרײַנגעקליבנ אַ מוק אונ איז אימ דערגאַנגענ די יאָרנ. — 3 שוינ אָפּגערעדט; איז דאָס געוויס.

א היפּשע צײַט איז ביניאָמין געגאנגען עפּעס ווי מאָרע־שבֿוירעדיק, שטיל פּארטראכט, נישט צו רעדן קיין וואָרט. דער־נאָך האָט ער א פּאטש געגעבן זיך אין שטערן און געבליבן שטיין שטארק באטריבט. ערשט אין א פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער געעפנט א מויל און ארויסגעלאָזט מיט א קרעכץ די ווערטער:

— אך, סענדערל, איך האָב פארגעסן!

— ווי פארגעסן? — וואָס פארגעסן? — האָט סענדערל זיך אָנגערופן און זיך א כאַפּ געטאָן צו דער טאָרבע.

— אין דער היים, סענדערל, אין דער היים האָב איך פאר־געסן!

— איי, ביניאָמין, וואָס פאלט דיר איין? — האָט סענדערל געמאכט. — מיר האָבן, דאכט זיך, מיטגענומען אלצדינג, וואָס נייטיק איז מענטשן אין וועג אריין: א טאָרבע, נישט צו פאר־זינדיקן, איז דאָ, טאלעס־און־טפילין מיט סידורים איז אויך דאָ, שאבעסדיקע קאפּאָטעס — אויך דאָ. דאכט זיך, אלצדינג, באָ־רעך־השעם, איז דאָ, אלצדינג האָבן מיר פארנומען. וואָס גייט אונדז דען אָפּ? און וואָס האָבן מיר אזוינס געקענט פארגעסן?

— די זאך, וואָס איך האָב פארגעסן, סענדערל, איז זייער וויכטיק, נייטיק אין לעבן אריין, האלעוואַי אלצדינג זאָל אָפּ־לויפן בעשאָלעם, נאָר בעזים, כאָלילע, לא יעלה ולא יבוא [1], גאָט זאָל שוימער־אומאצל [2] זיין, אפן וועג וועט עפּעס מײַסע סאָטן געשען, דענסטמאָל וועלן מיר ערשט דערפילן דעם גרויסן ווערט פון דער טײַערער זאך, וואָס איך האָב פארגעסן. ארויסגייענדיק פון דער היים, האָב איך אין איילעניש פארגעסן צו זאָגן א שפּרוך, וואָס שטייט געשריבן אין א סייפער, ארויסגענומען פון

1 לוי יאאלע וועלוי יאָווי — געמיינט: אזוינס זאָל גאָר ניט געשען. — 2 אויסהיטן און ראטעווען.

א גאנצ אלטנ קסאוו=יאד[1]. דער שפרוכ מוז געזאָגט ווערנ פאר
א נעסיִע, ארויסגייענדיק פונ דער היימ, בא דער ראָגאטקע, אונ
מענ איז אָרעוו, אז ער איז א זיכערע שמירע [2] אינ וועג פאר
קאָל=האמינע סאקאָנעס אונ שלעכטע באגעגעניש, — אָט וואָס
איכ האָב פארגעסנ!

— עפשער איז דייַנ גוטער ווילנ זיכ אומקערנ אהיימ? —
האָט סענדערל געזאָגט ביטמימעס.

— דו ביסט מעשוגע צי כאָסער=דייע! — האָט ביניאָמינ
א געשריי געטאָנ, אונ דאָס גאנצע בלוט איז אימ אינ פּאָנעמ
ארייַנ. — סטייַטש, וואָס הייסט, זיכ אומקערנ אהיימ? נאָכ
אזויפיל מי אונ אָנגיינ זיכ אזא וועג — פלוצלימ אומקערנ זיכ!
סטייַטש, אונ די וועלט? וואָס וועט זאָגנ די וועלט?

— וואָס הערנ מיר, ביניאָמינ, די וועלט? — האָט סענ=
דערל זיכ אָנגערופנ. — די וועלט האָט דענ דיכ געבעטנ מאכנ
אזא נעסיִע? האָט זי דענ מיט דיר א קאָנטראקט געמאכט אונ
דיר אפ הויצאָעס געגעבנ, דו זאָלסט גיינ וואנדרעווענ?

— גאנצ סייכלדיק! — האָט ביניאָמינ זיכ נאָכגעקרימט. —
אונ אלעקסאנדער מוקדנ, אימ האָט דענ די וועלט געבעטנ, ער
זאָל גיינ קיינ הינדיאָ אונ מילכאָמע האלטנ דאָרט? אונ די אלע
וואנדערער בא אונדז יִדנ האָט דענ די וועלט געבעטנ ארומצו=
וואנדרעווענ פונ שטאָט צו שטאָט?

— ווייס איכ? — האָט סענדערל געמאכט מיט א שמייכע=
לע — פונ=מייַנעטוועגנ האָבנ זיי אלע געמעגט, כ'לעבנ, זיצנ אינ
דער היימ. עס וואָלט, דאכט זיכ, בעסער אונ גלייַכער געווענ
פאר איטלעכנ. אכ, נארעלע, נארעלע, דו, אלעקסאנדערל מוקדנ,
דו האָסט אינ דער היימ פונ קאָלטוו, זיצ, לעב דיר צופרידנ אונ

---

1 האנטשריפט; מאנוסקריפט. — 2 א באוואָרעניש.

גלעט דיר דאָס בײַכל. צו וואָס טויג דיר נאָכ, נארעלע, הינדיענ? סידי דאָמא דא ני ריפּײַסא, איז דאָ אנ אוילעמס ווערטל. אונ דער אוילעמ זאָגט: אנ אוילעמס ווערטל איז, לעהאוודל, א געמאָרע[1]. מער כידעש איז אפ אונדזערע יִדעלעכ. זיי האָבנ דאָכ טאקע יאָ געמענגט האלטנ פונ דער געמאָרע, זיצנ אפ זייער אָרט אונ באשעפּטיקנ זיכ איטלעכער מיט זײַנ זאכ. צו וואָס טויג דאָס ארומוואנדרעווענ, דאָס ארומבלאָנקענ זיכ ווי א דולער הו-הא-הא, נישט צו וויסנ אליינ פונעמ געזונט, פונעמ לעבנ, אונ נאָר אומזיסט-אומנישט רײַסנ שטיוול? ווי איכ בינ א ייִד, ביניאָמינ! איכ זאָל אזא פארשוינ באגעגענענ, וואָלט איכ אימ גלײַכ אפנ אָרט אָפּגעזאָגט דעמ אוילעמס ווערטל, לעהאוודל, די געמאָרע מיינ איכ.

א היפּשע צײַט האָבנ אונדזערע פארשוינענ זיכ אוועקגעאמפּערט. סענדערל האָט געפרעגט קאשעס, אונ ביניאָמינ האָט אימ אלצ אויסגעוויזנ, אז ער איז א נאר אונ האָט קיינ פּיצל ידיִעָ נישט אינ אזעלכע זאכנ.

סענדערל איז דענסטמאָל געגליכנ געווענ צו א פערדל, וואָס טאָמיד דינט עס זײַנ האר געטרײַ אונ פאָלגט אימ אינ פײַער, אינ וואסער ארײַנ, פּלוצלימ מאכט זיכ אמאָל, פאלט אפ אימ אָנ פונ דער העלער הויט עפּעס א מאנקאָליע, עס שפּארט זיכ אײַנ, שטעלט זיכ דיבאָמ אונ וויל זיכ נישט רירנ פונעמ אָרט, כאָטש טו זיכ דאָ, סאָנע-ציִענ, א מײַסע אָנ. אונ ווענ ביניאָמינ האָט דענסטמאָל ניט געשמיסנ דעמ אײַנגעשפּאנטנ סענדערלענ מיט א בײַטש, דערפאר האָט ער אימ דורכגעבויקערט מיט זײַנ זימ-צינגל אונ אימ אָפּגעשאָטנ מיט רייד, ביז סענדערל איז געוואָרנ ווייכ ווי א טייג, א גוט פערדל ווי פריִער. ער האָט אופגע-

[1] דאָ געמיינט: הייליק; ריכטיק, אזוי ווי אנ ארויסזאָגונג אינ געמאָרע (טאלמוד).

שטעלט די אויערן, הערנדיק בּיניאָמינס רייד, וואָס האָבּן גע־
בּראָכן דעם מויעך, און לעסאָף האָט ער זיך אָנגערופן, ווי זײַן
שטייגער איז געוויינטלעך, מיט די ווערטער:

— אויב דו ווילסט דאַפקע אַזוי, זאָל זײַן אַזוי. וואָס פאַר א
דײַגע איך האָב?

אַז בּיניאָמין איז פאַרטיק געוואָרן מיט סענדערלען, האָבּן
זיי זיך ווײַטער געלאָזט אין וועג אַרײַן, און נאָך דעם, אַז זיי
זענען זיך אָנגעגאַנגען אַפּ וועגן און זײַטן־וועגעלעך, זענען זיי
נישט טויט, נישט לעבּעדיק אָנגעקומען קיין טעטעריווקע.

טעטעריווקע איז די ערשטע גרויסע שטאָט, וואָס אונדזערע
וואַנדערער האָבּן געזען אין זייער לעבּן. דעריבּער איז קיין וווּנ־
דער נישט, וואָס זיי האָבּן געקוקט אַפּ די גלײַכע אויסגעבּרו־
קירטע גאַסן אי אַפּ די גרויסע הויכע מויערן און נישט געקאָנט
זיך זאַט אָנקוקן. קימאַט אַפּ די שפּיצן פינגער זענען זיי געגאַנ־
גען אַפּ די טראָטוארן און געהויבּן די פּיס עפּעס מעשונע,
גלײַך ווי זיי וואָלטן זיך געהיט צו שטאַרק נישט צו בּאַרירן
די גלאַטע שטיינער און נישט אָנמאַכן, כאָלילע, קיין שאָדן.
פּיס, וואָס האָבּן נישט עפּעס אַזאַ גוטע דאָליע בּאַ זייערע בּאַלע־
בּאַטים אין די קליינע שטעטלעך און וואָס מען מאַכט דאָרט
פאַר זיי נישט עפּעס גרויסע צערעמאָניעס! קליינשטעטלדיקע
פּיס, וואָס ווייסן, נעבּעך, נישט פון קיין פּאָדלאָגע צו זאָגן אַפּי־
לע אין שטוב, וואָס קריכן, נעבּעך, ווי די כאַזײרים אין בּלאָטע,
וואָס זייערע בּאַלעבּאַטים שטעקן זיי גייענדיק טיף אַהינצו אַרײַן
און דראָלן מיט זיי פּראָסטע־מאָסטע, גאָר אָן שום מעלאָכעס,
אַזעלכע פּיס מוזן בּעעמעס מעוווּלוול ווערן ווי די שיקערע, אַז
זיי דערפילן פּלוצלים אונטער זיך אַ בּריק פון שטיינער, און
מוזן פאַר גרויס קאָוועד טאַקע אַ בּיסל אונטערשפּרינגען און
נישט ווייסן אַ צײַט זיך וווּהין־צו־טאָן. פריישע ערשט־אָנגעקו־

מענע קליינשטעטלדיקע פיס וועט איר באַלד דערקענען אף די אויסגעברוקירטע גאסן אין די גרויסע שטעט.

אונדזערע טונעיאדעווקער פארשוינען זענען געגאנגען ווי מיט א פארקלעמט הארץ און בעהאכנאָע אָפגעטראָטן פאר איט־לעכן דעם וועג. סענדערל פלעגט אין אזא פאל אָנעמען ביניאָ־מינען פאר דער פאָלע און אים א שלעפּ טאָן אין דער זײַט. אמאָל איז דורכן דעם סענדערלען אויסגעקומען צו כאפן א שטיל טענצל מיט עמעצן, וואָס איז געקומען אקעגן. יענער איז זיך געגאנגען גלײַך זײַן וועג און האָט זיך אָנגעשלאָגן מיט סענ־דערלען, וואָס מאכמעס דעם אָפּטרעטן האָט ער אים פונקט גאָר פארשטעלט דעם וועג. יענער כאפּט זיך רעכטס, אָבער אונ־דזער סענדערל האָט אים מאקדים געווען[1] און שטייט שוין גרייט. ביידע וואַרפן זיך לינקס און ווײַטער רעכטס, ביז יע־נעם געראָט לעסאָף אויסצומײַדן זיך. איינער, וואָס איז גראָד נישט אופגעלייגט געווען צו טאנצן מיט סענדערלען, האָט אים פראָסט אָנגענומען און א וואָרף געטאָן אין דער זײַט, אז די ציין זענען אים שיִר נישט ארויסגעפאלן.

אלצדינג זענען פאר אונדזערע פארשוינען געווען נײַ, אלצ־דינג, האָט זיך זיי אויסגעוויזן, טײַט אף זיי מיט די פינגער. די דראָשקעס שרײַען, די פאעטאָנען פילדערן, די טויערן שטייען האָפּערדיק, קוקן שטאָלץ מיט זייערע גרייסע גלעזערנע טאפּ־ליעס, און די מענטשן קרימען זיך. אלצדינג שרײַט זיי נאָך: טארבעס, קאפּצאָנימלעך! טארבעס, קליינשטעטלדיקע ייִדעלעך! טארבעס, טארבעס!

— הערסטו, ביניאָמין! — האָט סענדערל געזאָגט נאָך דעם,

---

1 פארלאָפן דעם וועג.

אז ער האָט פאַריסן דעם קאָפּ און געקוקט אַף די מויערן מיט דערעכ־ערעצ. — איכ מיין, בינימין, דאָס איז סטאַמבול.

— גיי שוין, גיי, נאַרעלע, ווי קומט עס צו סטאַמבול? — האָט בינימין געמאַכט מיט אַזאַ מינע, גלייַכ ווי ער איז אַ סטאַמבולער אַ געבוירטיקער. — סטאַמבול, נאַרעלע, האָט ת"ק[1] מאָל ת"ק גאַסן, איטלעכע גאַס האָט ת"ק מאָל ת"ק פּופּצן, צוואַנציק, אָדער עפּשער דרייַסיק־גאָרנדיקע הייַזער, און אין איטלעכן הויז וווינען ת"ק מאָל ת"ק מענטשן! דו מיינסט, אַז דו ביסט שוין פּאַרטיק? ניין, וואַרט נאָר, וואַרט, נאַרעלע אייינער, הייַנט איז נאָכ דאָ קליינע גאַסן, יורדיקעס, קאַטשעניוועקעס, מאָטשעניוועקעס, פּיסקעס, יאַרן און פּאָדאָלן[2] קעכויל־האַיאָם[3]!

— אייַ, אייַ, אייַ! — האָט סענדערל געמאַכט פאַר גרויס וווּנדער, — ס'איז דאָכ עפּעס גאָר אַ שרעק, ב'לעבן, אַזאַ גרויסע שטאָט! נאָר איכ בעט דיכ, בינימין, פונוואַנען קומט עס אָט די אַלע גרויסע שטעט? מענטשן זאָלן זיכ צונויפשטיקן אין איין אָרט און ליגן איינער איבער דעם אַנדערן, גלייַכ ווי די וועלט איז ווייניק און נישטאָ מער קיין ערד! עס מוז דאָכ אַוודאי דערינען עפּעס זייַן, וואָס מענטשן דערוויַטערן זיכ פון דער ערד און ווילן אַלץ פליִען אין הימל, אין די הויכע, הויכע פענצטער. זאָל עס עפּשער זייַן דעריבער, וואָס דעם מענטשנס נעשאָמע וואַקסט פון הימל און מאַכמעס דעם ציט עס אים, נעבעכ, אַלץ אַרופ, און ער האָט זייער שטאַרק בייַשעק אויסצושפּרייטן די פליגעלעכ און זייַן אַלץ פון אויבן? וואָס זאָגן דערצו עפּעס דייַנע כאַקראָנים[4], בינימין? האָסטו נישט באַגעגנט מיקויעכ דעם עפּעס אַ שמועס אין דייַנע כקירע־ספּאָרים[5]?

---

1 ט א ק—500. — 2 נעמען פון פאָרשטעט אין פאַרשיידענע שטעט, ווו סע וווינען אַ סאַכ ייִדן (זשיטאָמיר, בערדיטשעוו, קיִעוו אאַ.). — 3 ווי דער זאַמד פון יאַם; געמיינט: זייער פיל. — 4 פילאָסאָפן. — 5 פילאָסאָפיע.

— אלפי כקירע, — האָט בינִיאָמינ געמאכט מיט א קנייטשל, — איז וועגנ דעמ איניענ דאָ א גאנצ ווײַטער שמועס. איכ האָב שוינ דערפונ אפילע געהאט אמאָל צו טאָנ בא אונדז אינ בעסמעדרעש אונטערנ אויוונ, אונ דורכ דעמ איז פארענטפערט געוואָרנ די געמאָרע פונ די צענ טעפּ אָרעמקײַט, וואָס זענענ אראָפּגעשיקט געוואָרנ אפ דער וועלט, ווי אויכ דער פּאָסעק: כי מלאה הארץ חמס[1], די וועלט איז פול געוואָרנ מיט רויב. נאָר איכ וועל עס דיר א ביסל מאסביר זײַנ[2], אלפי אונדזער טוירע. כומעש האָסטו דאָכ געלערנט, סענדערל. לויט ווי עס שטייט אינ כומעש, האָבנ אונדזערע עלטערנ גאָר טבילעס, אינ די פריִערדיקע דוירעס, געווױנט אינ געצעלטנ, נאָר בעשאס דעמ דאָר־האפלאָגע[3] האָבנ אלע מענטשנ זיכ פארקליבנ אינ אײנ אָרט, זיכ גענומענ מאכנ ציגל אונ אויסבויענ א שטאָט מיט הויכע מויערנ אינ הימל. אינדערמיט ארבעט טאקע איז שוינ אפ זיי אָנגעפאלנ א בייזע מעהומע, א געטומל. איינער האָט נישט פארשטאנענ דעמ אנדערנ, אונ די גאנצע פירונג דאָרט איז עפּעס אויסגעקומענ קאפּויר. א נעס, וואָס גאָט האָט זיי באלד צעטריבנ, האָבנ מענטשנ ווידער אָנגעהויבנ צו לעבנ, עטעמענ פרײַער, אונ די וועלט איז ווײַטער אופגעריכט געוואָרנ. נאָר דער כעט[4] פונעמ דאָר־האפלאָגע האָט נאָכ אינגאנצנ נישט אופגעהערט. פונ יענער צײַט אָנ ציט זיכ נאָכ אלצ, באאווינויסייני־האָראבימ[5], די טײַווע בא מענטשנ צו שטיקנ אונ צוגויפשטיקנ זיכ, אויסצומויערנ זיכ הויכ, צו מאכנ זיכ א שעמ אונ פליִענ אינ הימל. — וואָס האָסטו אינ מיר זיכ אָנגעטשעפּעט ווי א

1 קי מאָלעאָ האָאָרעצ כאָמאָס. — 2 דערקלערנ. — 3 די צײַט, ווענ מע האָט געבויט דעמ באָוול־טורעמ (לויט דער ביבלישער לעגענדע). — 4 די זינד. — 5 איבער אונדזערע גרויסע זינד.

זלידניע? — זאָגט אווראָמו צו לאָטנ[1]. — לעמיי זאָלנ דיינע מענטשנ זיך קריגנ מיט מיינע איבער א שפאנ ערד? די גאנצע וועלט שטייט דאָך פאר דיר פריי, גיי דיר, וווּהינ דו ווילסט, אונ לאָז מיך געמאך!

נאָר איידער נאָך בינִיאָמינ האָט געענדיקט דעם שמועס, האָט זיך געלאָזט הערנ א שטארקער געשריי פונ א פארטשיק, וואָס איז אונדזערע פארשוינענ אָנגעפאָרנ פונ הינטנ אונ האָט זיי שיר ניט מאזיק געוועננ מיט דעם דישל.

— אוכניאָקעס! — האָט דער פארטשיק געשריגנ אינ איינ אָטעם אונ געמאכט אפ זיי מיט דער בייטש. — וואָס קריכט איר, צו אלדי שווארצע יאָר, ווי די ראקעס, אונ פארשטעלט דעם וועג! היי, היי, יאָלדנ! היי, היי, פלאָכמינ!

אונדזערע פארשוינענ, נעבעך, האָבנ געהויבנ פיס אונ גע־לאָפנ פאר שרעק ווי די פארסאמטע מייז, דער אהינ אונ דער אהער.

לויפנדיק האָט סענדערל זיך א זעץ געטאָנ אינ א סטופ אונ זיך אויסגעצויגנ, נעבעך, ווי גרויס ער איז, אפ דער ערד.

בינִיאָמינ האָט אינ איילעניש זיך אָנגעשלאָגנ אינ א קויש מיט אייער, וואָס א קורעלאפניטשקע האָט געטראָגנ. די אייער האָבנ זיך צעבראָכנ, אונ אפ אים האָט זיך געעפנט א גענעם, א פיסק, א פייער, א געשריי. יענע פונ די צעבראָכענע אייער, נעבעך, האָט אים אָפגעשאָטנ מיט טויטע קלאָלעס, זי האָט אים געוואָלט אָפשטעקנ, אָדער זי האָט אים שוינ טאקע אָפגעשטעקט א פאטש אונ שטארק כיישעק געהאט איינצופלאָנטענ זיך אינ זיינע האָר. קורצ, בינִיאָמינ האָט גענוג געלייזט, ביז ער איז קוים מיט צאָרעס לעבעדיק ארויס פונ אירע הענט אונ גע־

---

1 דער ביבלישער אורפאָטער אוורואָם אונ זיינ פלימעניק לאָט (לויט דער ביבלישער לעגענדע איז צווישנ זיי איינמאָל פאָרגעקומענ א קריגעריי).

מאכט א פלייטע אין א הינטערגעסל, וואָס אהינצו איז אויך סענדערל באלד צוגעקומען.

— אָט האָסטו דיר א גרויסע שטאָט! — האָט סענדערל געזאָגט און אָפּגעווישט מיט דער פּאָלע דעם שוויים פון זײַן פּאָנעם. — דאָ גיי נישט, דאָ שטיי נישט, דאָ רו נישט. ווייסט זיי אלע דער שווארציאָר!

— דאָס ציט זיך נאָך אלץ פונעם דאָר־האפּלאָגע, — האָט געענטפערט בּיניאָמין, וואָס האָט געסאָפּעט ווי א גאנדז, — דאָס אלצדינג, וואָס דו זעסט דאָ, איז אלץ דאָר־האפּלאָגע, מיט זײַן בייזער מעהומע, זײַן געטומל, גנייווע, גזיילע און רעציכע!

— א, אין דער ערד ארײַן מיטן קאָפּ! — האָט סענדערל א מאכ געטאָן. — קום, בּיניאָמין, לאָמיר זיך אויסרוען! דו זעסט עפּעס שרעקלעכ אויס, עס פײַערט דיר עפּעס א באק, א רועכ אין דער כצופעס 1 טאטנ ארײַנ! וויש נאָר אָפּ, זײַ מויכל, דעם פּאָנעם. די כצופע האָט, אפּאָנעם, בעשאַס־מײַסע דיך אויס־געשמירט מיט געלכנ פון אייער!

---

1 א פארשײַטע פרוי; אנ אויסוווּרף.





## דאָס זיבעטע קאַפּיטל

# ווי צוליב בינימינען ווערט אַן איבערקערעניש אין דער פּאָליטיק

אין איינעם פון די טעטעריווקער קלייזלעך האָט שטאַרק געקאָכט פון דער דענסטמאָליקער קרימער מילחמה. דער אונטער־אויוון איז צעפאַלן אַף פאַרשיידענע קיטעס. איטלעכע קיטע מיט איר פּרעזידענט און מיט איר גאַנג אין דער פּאָליטיקע.

כייקל באַלמויעך און זיין קאָמפּאַניע איז זייער באַשעפטיקט געווען מיט דער מומע וויקטאָריע[1], פלעגט זי צעלייגן אַף טעלערלעך און באַווייזן די האַסבאָרעס[2] אי די שפּיצלעך, וואָס אין איר שטעקט.

כייקל איז געווען אַמאָל אַ שטיקל זייגערמאַכער, ער האָט

---

1 געמיינט די ענגלישע קיניגן וויקטאָריע (1819–1908). — 2 דאָ געמיינט: קונצשטיק.

געהאט א גרינגע האנט צו מאצע רעדלענ, קיינער האָט ניט גע־קענט, אזוי ווי ער, א סוקע מאכנ. דאָס לאָקשנ־ברעט, די לאָ־פּעטע, די מילכעדיקע באנק, דאָס טשאָלנט־ברעטל אונ די צע־בראָכענע שטיַיג פונ אויפעס זענענ אינ קיינעמס סוקע נישט געווענ אזוי גוט צוגעפּאסט ווי אינ זיַינער. דעריבער, ווענ עס פלעגט נאָר אויסקומענ עפּעס א רייד אינ מאשינענ־זאכנ, פלעגט דער אוילעמ האָבנ פאר אימ אָפּשיַי אונ זאָגנ:

— דאָס געהער זיך אָנ מיט כיַיקלענ, כיַיקל ווייסט.

כיַיקל פלעגט אלצ דערציילנ וווּנדערלעכע זאכנ פונ מעשו־נע־ווילדע ענגלישע מאשינעס, אזש די האָר פלעגנ זיך שטעלנ פּאָשעט קאפויר הערנדיק. אונ אז איינער האָט אימ אמאָל מאפּ־סיק געווענ 1 די רייד מיט עפּעס א קאשע אונ אימ געפרעגט דעמ סייכל דערפונ, פלעגט כיַיקל דערקלערנ דאָס אינגאנצנ קירצ אונ פּראָסט מיט עפּעס אזא מינ שפּרינזשינקעלע אונ דער־ביַי מאכנ אזא מינע מיט א זיס שמייכעלע, גלייַך ווי ער וואָלט פארענטפערט א קלאָצ־קאשע אונ יענעמ געעפנט די אויגנ. האק־לאל, מיט א שפּרינזשינע האָט כיַיקל דערקלערט אלצדינג, אי דעמ זייגער, אי דעמ טעלעגראפ, אי א שפּיל־פּושקעלע אונ אלע אנדערע מינע האמצאָעס אפ דער וועלט. איציק פאשטנ 2 אָבער איז קיינמאָל נישט צופרידנ געווענ מיט כיַיקלס שפּרינזשינקעס. ער פלעגט קוקנ דערופ עפּעס ווי אפ אפּיקאָרסעס אונ מאכנ מיט א געשפּעט:

— באלד וועט שוינ כיַיקל זאָגנ, אז א גוילעמ 3 אוכדוימע אזעלכע מאָפּסימ 4 זענענ אויך דורך א שפּרינזשינקעלע!.. פע,

---

1 איבערגעשלאָגנ. — 2 א מענטש, וואָס נעמט אופ, דערקלערט דערשיַינונגענ לויטנ פּאָשעטנ געזונטנ סייכל, אָנ קיינע דרינגערייַענ. — 3 א קינסטלעכ געשאפענער מענטש דורכ מאגישער קונסט (ס'זיַינענ געווענ אינ פאָלק לעגענדעס וועגנ גוילעמס אונ מע האָט געגלייבט, אז זיי האָבנ עקזיסטירט). — 4 ווונדער.

פע, כ'לעבן! זײַנע אלע זאכעניש זענען, פּאָשעט איז פּאָשעט, איך בעט אײַך איבער, גאָרנישט, טאקע עמעסע נארישקײַט.

און ווײַל כײַקל באלמויעך איז געווען פארקאָכט אין ווי־טען, דעריבער האָט איציק פּאשטן, כײַקלס באשטענדיקער מיט־נאגעד [1] אין אלע זאכן, זיך אָנגעטשעפּעט אין דער מומע ראָ־סיע [2] און זיך ארויסגעשטעלט פאר איר מיט אלע קרעפטן. איט־לעכער פון ביידע צדאָדים האָט שטארק געארבעט צו בייגן אפ זײַן זײַט די איבעריקע קאָמפּאניעס. איז כײַקל שוין געשטאנען אפּ א שטיקל שטיינער מיט שמוליק באָקסער, דער פרעזידענט פונעם פעטער יזשמאָעלס קנופּיע, און האָט שוין קימאט ווי האלב זיך אויסגעגלײַכט מיט בערל פראנצויז, נאפּאָלעאָנס א הייסער כאָסיד, האָט איציק אָנגעמאכט א הארמידער און צו־געצויגן צו זיך טעוויע מאָק, קירעס מענטש. פּאָטשטשן זענען געפלויגן פון אלע זײַטן. איטלעכער האָט געלאָזט זײַנע רא־ציעס [3], די וועלט האָט זיך געקערט, און דאָס קלײַזל האָט זיך פּאָשעט געוויגט!

אָט אין דער דאָזיקער צײַט בעשאס דער גרויסער מעהומע זענען אונדזערע פארשוינען אָנגעקומען קיין טעטעריווקע און זיך אָפּגעשטעלט אין דעם דאָזיקן קלײַזל אפּ סטאנציע.

סענדערל מיט זײַן כאראקטער איטלעכן נאָכצוגעבן האָט אין די איניאָניי־האפּאָליטיקע אויך זיך נישט אײַנגעשפּארט און איטלעכן צוליב געטאָן אזוי, ווי ער וויל. דו ווילסט אזוי, פלעגט ער זאָגן, וואָס פאר א דײַגע איך האָב, זאָל זײַן אזוי. און דעריבער טאקע האָט ער שטארק נויסע־בײַן־געווען [4] און איז באלד איטלעכן געפעלן. באם ערשטן שאָלעם־אליכעם איז

1 דאָ: א קעגנער. — 2 רוסלאנד. — 3 דאָ געמיינט: נאכריכטן; ביולעטענען. — 4 אויסגענומען.

בא דעם אוילעם געבליבן, אז סענדערל איז אָן א גאל, א ייִד אָן כאָכמעס, וואָס האָט אין זיך נישט די מידע פון אקשאָנעס. און ווען סענדערל איז געווען אופגעטראָגן מיט אלע גלייַך גאָר אָן א שום כילעק, אקעגן זשע איז ביניאָמין געווען אן איבער-קלייַבער, און גאָר צום ערשטן איז אים מער פון אלע עפּעס גע-פעלן שמוליק באָקסער, צו וועלכן ער האָט בּיסלעכווייַז זיך צו-געלאָזט, ביז ער איז מיט אים געוואָרן שטארק כאוועך. ביניאָ-מין האָט אים מעגאלע געווען דעם גאנצן פּלאַן פון זייַן נעסיִע, און שמוליקן איז די זאך זייער שטארק געפעלן. ער האָט מיקוי-עך דעם איבערגעשמועסט מיט כייַקלען, כייַקל האָט דאָס גענו-מען אף זייַן מויִעך; און האגאם די זאך איז אים אויסגעקומען א ביסל שווערלעך, דאָך איז דאָס אים געגאנגען אין קאָפּ. ער האָט באלד טאקע אין א סעסיע מיט בערל פראנצויז און טע-וויע מאָק אפירגענומען דעם דאָזיקן איניען, און זיי האָבן זיך דערופ שטארק פארכידעשט.

— ביניאָמין, — האָבן זיי געזאָגט, — זעט טאקע עפּעס נית אויס ווי א געוויינטלעכער מענטש, ער איז עפּעס ווי צע-טראָגן, נישט אף דעם אוילעם 1. אז ער רעדט, איז שווער צו פארשטיין, וואָס ער מיינט, ער פארטראכט זיך אמאָל, שטעלט אויס א פּאָר גלעזערנע אויגן און שמייכלט. זייַן הילעך און זייַנע אלע פּאָסטעמקעס זענען עפּעס מעשונע. דאָס אלצדינג באווייַזט, אז ער איז העט-העט גאָר פון אן אנדערער מאדריינגע, נישט גלאט א מענטש. אין אים מוז בעוואדע עפּעס שטעקן, גלאט פּאָשעט קען עס לעגאמרע 2 נישט זייַן. ווער ווייסט, עפּ-שער איז דער ביניאָמין גאָר נישט קיין ביניאָמין, א קאשע אף א מייַסע!..

---

1 דאָ: וועלט. — 2 אינגאנצן; דורכויס.

אז בינִיאָמינ אונ סענדערל זענענ פארסאָפעט אריַינגעקומענ אינ קלייַזל נאָכ דער מייַסע מיט דער ייִדענע פונ די אייער, איז דאָרט געוועזנ א שרעקלעכער געפילדער. די סעסיע פונ אונדזערע פאָליטיקער האָט שטארק זיכ מעפאלפל געוועזנ [1] מיט איציק פאשטנ, וואָס ער האָט זיכ געריסנ אפנ גאָרגל אונ איטלעכנ אריבערגעשריגנ:

— נאט זעט, וואָס שטייט אינ יוסיפנ [2], — האָט איציק געשריִענ אינ איינ אָטעמ אונ געטייַטש מיטנ פינגער אינ א סייפערל, — אינ יוסיפנ שטייט, אז אלעקסאנדער מוקדנ האָט געוואָלט גיינ צו די קינדער יוינאָדאָוו בענ־רייכאָוו. איז ער דערגאנגענ ביז צו די האָריי־כוישעכ, אונ ער מיט זייַנע גיבוירימ האָבנ דאָרט נישט געקענט לאכלוטנ גיינ, זייערע פים זענענ געזונקענ אינ בלאָטע ביז איבער די קני. מאכמעס די זונ שייַנט דאָרט נישט, איז די ערד אינ יענעמ אָרט שטארק זומפיק. הייַנט פארשטייט איר שוינ: אלעקסאנדער מוקדנ, דער גרויסער אלעקסאנדער מוקדנ, וואָס איז געפלויגנ אפ אנ אָדלער אונ וואָס איז שוינ געוועזנ בא די טירנ פונעמ גאניידנ, ער האָט נישט געקענט אריבער די האָריי־כוישעכ, מיקאָלשעקיינ אייַער פארשוינ, אזא נעפעש ווי ער! עס וועט אימ נישט העלפנ דערצו אפילע כייַקל מיט אלע זייַנע שפרינזשינקעס.

— דו, גראָבער קאָפ איינער! — האָט כייַקל זיכ צעלאָזט אפ א קאָל אונ געטיטשעט איציקנ מיטנ גראָבנ פינגער. — וווּ זענענ דייַנע אויגנ? אדעראבע, זע טאקע, וואָס דאָ שטייט ווייַטער. ער זאָגט, אז אלעקסאנדער מוקדנ האָט דאָרט געהערט אויפעס, פייגלעכ ריידנ יעוואָנים [3]. איינ פויגל האָט אימ געזאָגט בעזע־

1 דיסקוסירט; דעבאטירט. — 2 א ווערק וועגנ ייִדישער געשיכטע, פארפאסט אינ מיטלאלטער אפ העברעיִש, דער אווטאָר אומבאוווּסט. פארמאָגט א מאסע לעגענ־דארישנ מאטעריאל. די ערשטע ייִדישע געדרוקטע אויסגאבע: ציריכ 1546. — 3 גריכיש.

האלאָשנ: דײַנ מי איז אומזיסט, ווײַל דו ווילסט קומענ אינ גאָטס הויז אונ אינ דעמ הויז פונ זײַנע קנעכט, די בניי=אווראָהאָמ יִצכאָק וועיאאקויוו [1] — הײַנט פארשטייסטו שוינ, גראָבער קאָפּ איינער, פארוואָס אלעקסאנדער מוקדנ האָט אהינצו נישט געקענט גיינ?

— מיילע, וואָס. וועסטו אָבער טאָנ, מײַנ גרויסער באל=מויעכ, אויב עס קומט גאָר אויס ווי די יעש=אוימרימ [2] דאָרט, אז די אסערעס=האשוואָטימ מיט די רויטע יִדלעכ אָדער די בניי=מוישע וווינענ גאָר דאָרט ערגעצ לעבנ דעמ לאנד פונעמ פריסטער יאָנ [3]? נו, הײַנט לאָז דײַנ נעפּעש מויכל זײַנ געפינענ ערגעצ דאָס לאנד פונעמ פריסטער יאָנ! מאָרגנ נאָכנ קאלט=קוגל!

— עט, נארישקײַטנ, איציק! כ'לעבנ, נארישקײַטנ.

— ווארט נאָר, ווארט, מײַנ באלמויעכ! עס איז עפּעס נאָכ דאָ א סאמבאטיענ אויכ! וואָס וועט ער טאָנ מיט דעמ סאמבאטיענ, וואָס ער שלײַדערט א גאנצע וואָכ שטיינער? לאָמיר שוינ אָננעמענ אינ דער סוואָרע, אז ער איז שוינ אריבער די האָריי=כוישעכ, ער האָט שוינ געפונענ דאָס לאנד פונעמ פריסטער יאָנ. נו, קומט ער צו צומ סאמבאטיענ, טפּררו! עס רעגנט מיט שטיינער, אומעגלעכ צו שטעלנ א פוס, דאָס דאָ ווערט=דאָכ אימ נישט העלפנ אפילע דײַנ וויטע. זי זאָל זיכ אפילע שטעלנ מיטנ קאָפּ אראָפּ אונ מיט די פיס ארופ.

— הע, הע, דו טשעפּעסט שוינ זיכ אינ וויטענ! אָט ווּהינ דו ביסט פארקראָכנ.

---

1 די קינדער פונ אווראָהאָמ, יִצכאָק אונ יאנקעוו; געמיינט: די יִידנ. — 2 ס'זײַנענ פאראנ אזוינע, וואָס זאָגנ; געמיינט: א באזונדער מיינונג. — 3 א מיטלעלטערלעכע לעגענדע וועגנ א קריסטלעכ ערגעצ־לאנד, ווו עס קיניגט א פרעסביטער יאָאנ — א קריסטלעכע אנאלאָגיע צו דער יִדישער לעגענדע וועגנ די אסערעס־האשוואָטימ.

— וואָס איז דאָס אינעמעסנ פאר א גאנג, איציק, אומזיסט־אומנישט שפּעטנ פונ די מאלכּיִעס[1], — האָט בערל פּראנצויז זיכ ארײַנגעמישט מיט פאַרדראָס. — מיר רעדנ דאָכ איצט פונ ביניאָמינענ, זידל דיר ביניאָמינענ אונ מיש ניט ארײַנ די מאלכּיִעס, איכ בעט דיכ!

— פאַרוואָס זידלענ ביניאָמינענ? — האָט זיכ אָנגערופנ טעוויע מאָק. — ביניאָמינ גײט, דאכט זיכ, אפּ א דערעכ. דורכ אימ קענ ניצמאכ ווערנ[2] ייִדנ א יעשועע.

— אײַ, מאָק, מאָק! — האָט איציק געמאכט מיט טאַרוּמעס[3] אונ געשאָקלט מיטנ קאָפּ. — אפּ דיר, מאָקעניו, האָב איכ מיכ, כ'לעבנ, נישט געריכט, אז דו זאָלסט האלטנ מיט זײ אונ מאכנ אזא פּײַרעש פונ ביניאָמינענ. וואָס האָסטו אינ אימ אזוינס דערזענ?

— הערט נאָר, איכ בעט אײַכ, א גאנג פונ א מענטשנ: וואָס האָסטו אינ אימ אזוינס דערזענ?! — האָט שמוליק באָקסער זיכ נאָכגעקרימט מיט א געשפּעט. — מעשוגע ביסטו הײַנט, איציק, צי וואָס? זײַנ אָפּגעלאָזנקײַט, זײַנ צעטראָגנקײַט, זײַנ קוקנ, זײַנ רעדנ מיט זײַנ גאנצ באנעמענ באווײַזנ, דאכט זיכ, זײער גוט, ווער ער איז אזוינס. דאָס פּאָנעם איז דער בעסטער שפּיגל. אויב דאָס אלצדינג איז בא דיר קײנ באווײַז נישט, ווײס איכ שוינ ניט, וואָס הײסט בא דיר אזוינס א מענטש. אדעראבע, איכ בעט דיכ, אָט איז ער איצט אלײנ אָנגעקומענ. קוק אימ, זײַ מויכל, אָנ, אונ זאָג, אויב דו ביסט נישט מעשוגע, טאקע רײנ כאָסער־דײע... איר זעט, עפּעס פלאמט אימ דאָרט א באק אונ דרײַ געלע פּאסקעלעכ ציִענ זיכ אימ ווי א שינ אפּנ פּאָנעמ! נו, איציק, וואָס פאר א פּאָנעמ האָסטו איצט?

---

1 געמײנט: קיניגלעכע פּערזאָנענ. — 2 ארויסשפּראָצנ, אויסוואקסנ. — 3 פאַריבל; פאַרדרוס.

איציק איז צוגעגאנגען נעענטער צו בינימינען, האָט אים אָנגעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, אים א שפּײַ געטאָן קימאט אין פּאָנעם אַרײַן און איז אוועקגעגאנגען אין א״ן קאַס.

פון דעם דאָזיקן שמועס אָן וועגן בינימינען האָט באַקומען די פּאָליטיקע אַן אַנדער פּאָנעם. שמוליק באָקסער מיט בערל פּראַנצויז האָבן געשלאָגן בלאָט מיט כײַקלען. וויטע האָט אַרויסגעשיקט אין יאַם טויזנט גרויסע אָקרענטן [1] מיט שרעקלעכע ווילדע מאַשינעס, דער פעטער ישמעאל [2] איז אַריבער דעם פּרוט און נאַפּאָלעאָן [3] האָט געשאָסן מיט באָמבעס אויף סעוואַסטאָפּאָל, טעוויע מאַק איז געשטאַנען אויף מישקוילעס, נישט אַהין, נישט אַהער, געדרייט מיט דער צונג, נישט צו וויסן, מישטיינס געזאָגט, אויף וועלכער וועלט ער איז. און איציק פּאַשטן איז געבליבן איינער אַליין ווי אַ פּאָן וואַסער. ער האָט, נעבעך, געאַרבעט אויף אַלע קיילים און שיר נישט געשפּרונגען אַרויס פון דער הויט. אַ קאַטאַוועס איינער אַקעגן אַזאַ כעווּרע! דערפאַר האָט ער זיך פאַרעסן אויף בינימינען, ער האָט פון יענער צײַט אָן זיך אַלץ צו אים געזוכט און אים געטאָן אין דער גאַל אַרײַן.

„גאָט איז מײַן איידעס, — דערציילט בינימין אין איין אָרט, — אַז איך האָב מיך נישט געמישט אין דער פּאָליטיקע, וואָרעם איינמאָל, צו וואָס טויג עס? צווייטנס, וואָס גייען זיך עס מיט אַ ייִדן אָן? פונ־מײַנעטוועגן האָט געמעגט זײַן אַזוי אָדער אַזוי, אַלץ גלײַך. סענדערל מײַנער האָט אין אַזעלכע זאַכן נישט געמישט. און פונדעסטוועגן האָט בענישן זיך אויך, אָסער, נישט געמישט. און פונדעסטוועגן האָט מיך איציק נישט געלאָזט רוען, איך האָב פון אים נישט געהאַט קיין טאָג און קיין נאַכט. אַמאָל פלעגט ער מיך אַרומשטעקן הינטן מיט פעדערן, אָדער וואַרפן אויף מיר שטילערהייט אַ קי־

1 זעגל־שיפן. — 2 דאָ געמיינט: טערקײַ. — 3 געמיינט: נאַפּאָלעאָן III.

שעלע, אָדער פארשלײַדערנ ערגעץ מײַנס א שוכ, אז איכ האָב
מיר דעמ קאָפּ פארדרייט זוכנדיק. בינ איכ בא דער נאכט אײַנ=
שלאָפנ געוואָרנ אפ מײַנ געלעגער, פלעגט ער מיט א שטרויע=
לע מיר קיצלענ די פּיאטעס, אז איכ פלעג אזש אונטערשפּרינ=
גענ, אָדער ער פלעגט מיר לאָזנ א פּאָמפּע אונטער דער נאָז. איכ
פלעג זיכ אופכאפּנ נישט טויט, נישט לעבעדיק אונ קײַכנ, הוסטנ
מאכמעס דעמ רויכ עפּשער א שאָ קעסיידער, גלײַכ ווי איכ בינ
שולדיק געווענ אינ דעמ, וואָס די דרײַ קאָמפּאניעס האָבנ גע=
מאכט יאד=אכאס.“





## דאָס אכטע קאפיטל

# ווי אונדזערע פארשוינען זענען ארומגעגאנגען איבער די הייזער

דעם גרעסטן טייל טאָג זענען אונדזערע פארשוינען טאָרעד געווען [1] מיט דער פּארנאָסע. זיי האָבן געמאכט וויזיטן אין די טעטעריווקער הייזער און האָבן אין א קורצער צייט קויניגשעם געווען אזוי, אז מען פלעגט אף זיי נאָכטייטן מיט די פינגער און באגעגענען זיי — דער מיט א גלייכווערטל, דער מיט א שמייכעלע. אן אנדערער אף זייער אָרט וואָלט זיך שטארק איבערגענומען פון אזא קאָוועד און צעפּויקט אומעטום פון זיין גרויסקייט, אָן אייַנהאָרע, אין דער וועלט, ווי מען האָט זיך

1 געווען פארנומען.

געשמאָלצנ, פּאָשעט, אָנקוקנדיק אימ, ווי מענ האָט זיכ געלאָבט[1] מיט איטלעכ זײַנס א וואָרט, אונ מיט וואָס פאר א שמייכעלע מענ פלעגט אימ אופנעמענ אונ ארויסבאלייטנ פונ דער טיר. נאָר אונדזערע פארשוינענ אָבער זענענ בא זיכ געווענ פּראָסטע מענטשעלעכ אונ האָבנ פונ אזא קאָוועד זיכ גאָרנישט געמאכט. בּיניאָמינ איז געווענ פארטראָגנ אינ זײַנע זאכנ, אונ סענדערליַנ איז געלעגנ אינ זינענ, די טאָרבע זאָל זײַנ פול, אונ אינ דער קעשענע זאָל זײַנ עטלעכע גראָשנ אפ הויצאָעס. צי גיסטו מיט א שמייכעלע צי מיט א קרימ — וואָס מאכט עס א ייִדנ אויס? אבי גיב.

הײַנט איז פּורימ, מאָרגנ איז אויס —<br>
גיב מיר א גראָשנ אונ טרײַב מיכ ארויס!

אָט דאָס איז דאָס באקאנטע ייִדישע לידל, וואָס שילדערט זייער גוט זייער פּראָסטקײַט, זייער אניוועס[2] אונ וואָס סענ-דערל פלעגט עס, גייענדיק אפנ וועג, זייער אָפט שפּילערהייט אונטערזינגענ.

— א גוט-מאָרגנ, גאָט העלפ! — פלעגט סענדערל זאָגנ באמ ארײַנקומענ ערגעצ אינ א שטוב, נאָכשלעפּנדיק הינטער זיכ בּיניאָמינענ פאר דער פּאָלע. דערנאָכ פלעגט ער אימ דערלאנגענ א שטופּ פאָרויס, אימ אײַנרוימענ אינ אויער, ער זאָל זיכ ניט שעמענ אונ אליינ אנידערשטעלנ זיכ אינ דער זײַט מיט גרויס דערעכ-ערעצ.

ארומגייענדיק אפ אזא שטייגער, זענענ אונדזערע פּארשוי-נענ איינמאָל ארײַנ אינ א שטוב, אינ וועלכער זיי האָבנ געטראָפנ עפּעס א יונגנמאנ, טײַנענדיק מיט דעמ באלעבאָס. עס האָט אויסגעזענ פונ די רייד, ווי דער יונגערמאנ גיט דעמ באלעבאָס

1 געקוויקט. — 2 באשיידנקײַט.

צו פארשטיין די וויכטיקייט פונ עפּעס אנ איניען, וואָס דורכ דעמ קלינגט מיט אימ איצט די וועלט, ווי ער לויבט זיכ פאר אימ אָפּ, ווייזט פּאפּירנ אונ פארלאנגט פונ אימ עפּעס א זאכ. נאָר דער באלעבאָס קרימט זיכ אָבער, טייַנעט, ווי ער קאָנ, אונ צאפּלט פּאָשעט זיכ אויסצודרייענ פונעמ יונגנמאנס הענט. דער באלעבאָס האָט זיכ אָנגעכאפּט אינ אונדזערע פארש״ינענ אזוי ווי א דערטרונקענער אינ א שטרוי. ער האָט געשווינד זיכ צו־געלאָזט צו זיי אינ דער האָפענונג, עפּשער האָבנ זיי צו אימ א נייטיק געשעפט אונ ווענ אימ דערווייַל באפרייַענ פונ דער נויט. נאָר קוימ אָבער האָט ער דערהערט, ווער זיי זענענ אונ וואָס זיי ווילנ, איז ער געבליבנ שטיינ צעמישט, שטארק פאר־וואונדערט, ווי איינער, בעשאס דאָס אָנשיקעניש טרעט אימ פלוצ־לימ צו פונ אלע זייַטנ.

— אָט האָט איר נאָכ נויסימ! — האָט דער באלעבאָס זיכ אָנגערופנ נאָכ דעמ, אז ער איז צו זיכ געקומענ, אונ זיכ געווענדט צו דעמ יונגנמאנ. — די דאָזיקע יידנ, זעט איר, זענענ אויכ נוי־סימ! נאט אייַכ נייַס, נויסימ אפ אונדזער קאָפּ!

דער יונגערמאנ מיט אונדזערע פארשווינענ האָבנ איינער דעמ אנדערנ זיכ אָנגעקוקט.

— הערסטו, — האָט סענדערל א צי געטאָנ ביניאָמינענ פאר דער פּאָלע אונ אימ אייַנגערוימט אינ אויער, — מעגלעכ, אז דער דאָזיקער יונגערמאנ וואנדערוועט אויכ אהינצו... ער קענ נאָכ, כאָלילע, פארלויפנ פריִער אונ אונדז אָפּטאָנ אפּ טערקיש.

— עפּשער זענט איר טאקע אלע איינ קאָמפּאניע? — האָט דער באלעבאָס זיכ ווייַטער אָנגערופנ.

— כאָלילע, כאָלילע! — האָט ביניאָמינ מיט סענדערלענ ביי־דע אינ איינ קאָל געשריגנ. — מיר גייענ באזונדער גייענ מיר!

— גייט אייַכ געזונטערהייט באזונדער, בא מיר אָבער הייסט

איר איין קאָמפּאניע, — האָט דער באַלעבאָס געזאָגט און אַרויס־גענומען אַ מאַטבייע פון דער קעשענע.

— גוט, זייַט מויכל, אונדז, אונדז גוט, — האָט סענדערל גע־בעטן און אויסגעשטרעקט די האַנט, — מיר וועלן שוין דעם יונגנ־מאַן אַרויסגעבן זייַן כיילעק. קומט, יונגערמאַן, מיר וועלן אײַך אַרויסגעבן. איך האָב מינץ.

אינמיטן־דערינען האָט זיך געעפנט די טיר פון דער קיך, און אַ שרעקלעכער קאָל האָט זיך געלאָזט פון דאָרט הערן מעשונע־ווילד:

— דאָס איז ער, ער! אָט דער, וואָס שטייט לעבן דעם קליינעם דאַרן ייִדל. זיי האָבן דענסטמאָל אויך ביידע זיך אַרומגעשלעפּט. איך האָב אים דערקענט, דעם שיינעם נעפעש, אין זייַן פּענעמל, אין זייַן געל בערדל, אויסגעצופּט זאָל עס אים ווערן! אין זייַן צע־כראַסטעטע הערצעלע, אַ, פאַרכאַפּט, ריבוינע־שעל־אוילעם, לאָז ער ווערן! לאָז עס מיט אים קויקלען, מאַרדעווען און אויסרינען דאָס מאַרך פון זייַנע טרייפענע ביינער... אויסרינען!

— קום, בינימין, אַוועק! — האָט סענדערל געזאָגט, שלעפּנ־דיק בינימינען פאַר דער פּאָלע. — אַ רוען אין דער כצופּעס טאַטן אַרייַן! זי האָט נאָך אַלץ צו טאָן מיט די צעבראָכענע אייער!





## דאָס נײַנטע קאַפּיטל

# ווי זכוס־אָוועס[1] האָבן פאַר אונדזערע פאַרשוינען זיך געלייגט

זיפצן און קרעכצן מוז מען, אז מען לייענט די געשיכטן פון די גרויסע בארימטע קאָפּ־מענטשן, ווי זיי האָבן, נעבעך, געליטן שטאַרק זייער גאַנץ לעבן פון דער וועלט, פאַר וועלכער זיי האָבן מאַקריוו געווען[2] זייערע טעג און יאָרן און זי באַגליקט מיט זייער נוצלעכע זאכן, וואָס זיי האָבן מיט זייער סייכל דערגאַנגען. די וועלט איז בעטעווע אַ קינד, וואָס האָט ליב זיך צו האַלטן נאָר אין דער מאַמעס פאַרטעך, נישט אָפּצוטרעטן פון איר אַפּ אַ האָר; וואָס האָט ליב אַלץ די אַלטע נאַרישע מײַסעס, וועלכע די ניאַנקעס

1 די פאַרדינסטן (גוטע מײַסים) פון די עלטערן. — 2 געבראַכט פאַר אַ קאָרבן; אָפּגעגעבן אינגאַנצן.

און אלטע באבעס כאזערן זיי אים איבער הונדערט מאָל אין טאָג; וואָס מיינט, אז בעסערס פון זײַנע שפּילכעלעכ איז טאקע גאָר נישטאָ, אין דערינענ שטעקט די גאנצע כאָכמעס, וואָס קען נאָר זײַנ, און אז דער באהעלפער [1] קומט אים נעמענ אינ כיידער אריײַנ, אויסצולערנענ אים עפּעס, שרײַט ער גוואלד, גלײַכ ווי מענ וואָלט אים געקוילעט. די וועלט האָט ליב צו לעבנ, אזוי ווי זי איז גע-ווינט, עפּעס א נײַעס קומט איר אויס מעשונע-ווילד, זי שרײַט דע-רופּ מײַסימ און זידלט, מאכט מיט-דער בלאָטע גלײַכ דעמ, וואָס טראכט אזוינס אויס. ערשט דערנאָכ, אז דאָס נײַס איז שוינ נוילעד געוואָרנ [2], עס האָט זיכ אײַנגעלעבט און ווײַזט באשײַמפּערלעכ ארויס דעמ גרויסנ נוצנ, וואָס אינ אים ליגט, ערשט דענסטמאָל כאפּט מענ זיכ אינ דעמ שטארק אָנ, מענ האָט דערפון גרויס האנאָע און פארגעסט קלאל יענעמ, נעבעכ, וואָס האָט עס מיט נויט-שוויים מאמצי געוועננ [3]. נאָכ זייער שיינ פון דער וועלט, אז זי האָט זיכ זײַנער דערמאָנט אים צו מאכנ כאָטשע א מאָלע [4] און צו שטעלנ אים א מאצייווע. מיליאָנענ מענטשנ לעבנ הײַנט גליקלעכ און אָטעמענ פרײַ אינ אמעריקע, און קאָלומבוס, בע-שאס אים איז ארײַנ דער גערדאנק צו אנטדעקנ אמעריקע, האָט, נעבעכ, שטארק געליטנ, די וועלט האָט אים געהאלטנ פאר מע-שוגע און אויס אים כויזעק געמאכט.

דעסגלײַכנ איז אויכ געווענ מיט אונדזער ביניאָמינענ פונ טונעיאדעווקע. נאָר אָנקוקנדיק אימ, האָט מענ אים געהאלטנ פאר א מעשוגענעמ, און הערנדיק זײַנע רייד איבער דער נעסיִע, האָט מענ זיכ געשטיקט פאר געלעכטער, מענ האָט מיט אים גע-טריבנ קאטאָוועס, איטלעכער האָט מיט אים געהאט צו טאָג און אויס אים געמאכט א קאָטער. א נעס, וואָס ביניאָמינ האָט עס

---

1 א געהילפ בא א מעלאמעד. — 2 געבאָרנ געוואָרנ. — 3 דערפונדנ. — 4 זאָגנ א טפילע נאָכ געשטאָרבענע.

אזוי פיל נישט פארשטאַנען. זיסט וואָלט ער זיך פארעסן, כאָס-וועשאָלעם, קראַנק געוואָרן און א שפּיַי געטאָן אפּ דער גאַנצער נעסיע!

מיר היפּערן איבער א סאַך זאַכן פון דעם אוילעמס האַמצאָע-לעך איבער בינימינען, ביכדיי דאָס זאָל אפּ אונדז אַלע נישט פאַלן פאַר קיין אייביקן פלעק און דאָס זאָל אונדז נישט זײַן צו קיין כאַרפּע, צו קיין בושע אין דער געשיכטע פאַר די שפּעטער-דיקע דוירעס. מיר מאַכן זיך נישט-וויסנדיק פון די אַלע זאַכן, כאַטע-פּאָקרישקע! און נעמען זיך ווײַטער צו אונדזער דער-ציילונג.

„אין טעטעריווקע, — זאָגט בינימין, — איז דאָ א גרויסע קעהילע יִדן, זאָלן זיך פּרוכפּערן און מערן. ווער זיי זענען, וואָס פאַר א מינע מענטשן זיי זענען, און פונוואַנען זיי האָבן זיך גע-נומען, דאָס, פרעגט זיי בעכיירעם, ווייסן זיי אַליין נישט, זיי האָבן נאָר בעקאַבאָלע [1] פון טאַטעס, זיידעס און עלטער-עלטער-זיידעס, אַז זיי וואַקסן פון יִדן, און ווי עס זעט אויס פון א טייל זייערע מינהאָגים, פון זייער האַלבאָשע, פון זייער לאָשן און פון זייער האַנדל אוכדוימע, זענען זיי, אַפּאָנעם, טאַקע מעכ״יעוו צו זײַן יִדן, נאָר צונויפגעלאָפענע, אָפּגעריסענע פון פאַרשיידע-נע שוואָטים. וואָרעם איינער מיט דעם אַנדערן געהער זיך קימאַט נישט אָן, לאָז, אשטיינגער, איינער פאַלן, וועט דער אַנדערער אים נישט אופהייבן, כאָטש ער זאָל, סאָנע-ציִען, די קאַפּאָרע ווערן, די מיסע-מעשונע איַינעמען דאָ אפּן אָרט...

צווישן זיי איז דאָ א טייל, וואָס פאַרשטייען זייער גוט מאַני-פּאָרגע-לאָשן [2]. מאַניפּאָרגע איז פון דעם שוירעש מאַניפּאָרני-סי-

---

1 א מינדלעכע איבערגעבונג, איבערדערציילונג. — 2 גאַנאָווים־שפּראַך. מיט דער ווײַטערדיקער דערקיערונג פונעם וואָרט „מאַניפּאָרגיע״ מאַכט דאָ מענדעלע כויזעק פון די וואולגאַרע פאָלקס־עטימאָלאָגיעס.

מוס. דאָס הייסט: מאני — לאָשנ, פאָרגי — ציגײַנעריש. מאני-פאָרגע-ייִדנ קענענ כאָכמאס-האיאד [1], קוקנ יענעמ אינ דער האנט ארײַנ אונ ציִענ געוויינטלעכ דערפונ זייער פּארנאָסע. דערצו נאָכ קענענ זיי אנדערע מעלאָכעס, לעמפּלעכ-מאכערס אונ טאָקערס זענענ זיי טאקע איינע אינ דער וועלט, כידעשנ נאָר מוז מענ זיכ, ווי זיי מאכנ אמאָל יענעמ א לעמפּל אונ טאָקנ אָפּ זאכנ עפּעס גאָר שעלוי-קעדערעכ-האטעווע [2]. אויכ האָבנ זיי א מאטאָנע פונ זײַנ ליבנ נאָמענ אָפּצוזאָגנ אמאָל א פּיזמענ, אונ דאפקע שטילער-הייט, מיט אזעלכע מינע טנועס, אזש טרערנ שטעלנ זיכ דורכ דעמ אינ די אויגנ, אונ זיי נעמענ דערמיט בא יענעמ פּאָשעט צו דאָס כײַעס... מענ זאָגט, יאקבי זיי שטאמענ פונ די ערעוו-ראוו [3] פונ דער געזע קאפטוירימ [4].

ביכלאל, זאָגט ביניאָמינ, זענענ די אײַנוווינער דאָרט ערלעכע לײַט, גוטע מענטשנ. זיי פלעגנ מיכ אופנעמענ טאָמיד מיט א שמייכעלע אונ מעשונגע האנאָע האָבנ מיט מיר זיכ אָפּצוגעבנ. מענ האָט געזעגנ באשײַמפּערלעכ, אז זיי זענענ מיט מיר שטארק צו-פרידנ. איכ ווינטש זיי פונעמ גאנצנ הארצנ, אז גאָט אונ לײַט זאָלנ פונ זיי אייביק אויכ אזוי צופרידנ זײַנ. אָמיינ!"

א כידעש-ניפלע, — דערציילט ווײַטער ביניאָמינ, — דאָרט אינ דער סוויווע באגעגנט מענ אמאָל פּארשוינענ, וואָס זענענ א ביסל ווי כאזערעוואטע. מענ דערקענט עס זיי באלד אינ דעמ אָנבליק. א טייל זאָגנ, אז דאָס איז אזא פּאָראָדע, ווידער א טייל ווילנ האָבנ, אז דער אָרט איז דערצו מעסוגל. ביניאָמינ וויל דע-רינענ נישט מאכריע זײַנ [5]. דאָס געהער זיכ אָנ מיט די געלערנטע,

---

1 האנט-וויסנשאפט (כיראָמאנטיע); מענדעלע טײַטשט דאָס אויס אפּ זײַנ אויפנ. — 2 אומנאטירלעכ. — 3 א געמיש פונ פעלקער, וואָס האָבנ, לויט דער ביבלישער לעגענדע, זיכ געהאט פאריייניקט צו די בניי-ייִסראָעל באמ ארויסגיינ פונ מיצראִימ. — 4 דער שטאמ קאפטוירימ, וואָס ווערט דערמאָנט אינ דער ביבל. — 5 באשליסנ, וועלכע מיינונג איז די ריכטיקע.

זיי זאָלן די זאַך פֿאַרשן און אונדז דערקלערן אַקוראַט, וואָס דאָס באַטײַט. נאָר ווי די מײַסע איז, זאָגט בינ‍יאָמין, אַזוי צי אַזוי, די זאַך אַליין איז קיין נײַס נישט אויף דער וועלט. נאָך דער אַלטער מאַטיסיאָהו דעלעקאַרטי 1 העט־העט אין די פֿריִערדיקע יאָרן ברענגט אין זײַן סייפֿער „צל עולם" בעזע־האַלאָשן:

„אין בריטאַניאָ איז דאָ אַ פֿאָלק מיט אַן עק פֿון הינטן ווי בײַ בעהיימעס. אויך זענען נאָך דאָ ווײַבער, הויכע, גרויסע, ווי די ריזן, און זיי זענען באַוואַקסן מיט שטשעטינעס (כאַזער־האָר) ווי די כאַזיירים. אין צאָרפֿאַס 2 האָט זיך געוויזן אַ פֿאָלק מיט הערנער. אויף יענע בערג זענען דאָ קרומע ווײַבער, און די, וואָס איז מער קרום, איז אַלץ שענער." טאַקע מאַמעש ווי מען באַגעגנט נאָך בײַ אונדז הײַנטיקע צײַטן זייער פֿיל ווײַבער, וואָס קומען אויס קרום, שטאַרק בוילעט, מעכילע, פֿון הינטן, מיט אַ לאַנגן עק, וואָס באָמבלט זיך און שלעפּט זיך זיי נאָך אויף דער ערד. „דאָס, וואָס איז געווען, זאָגט דער פּאָסעק, דאָס וועט אויך זײַן, און ס'איז נישטאָ קיין נײַס אונטער דער זון!"

טעטעריוואָקע, — זאָגט בינ‍יאָמין, — איז גרויס, מיט שיינע מויערן און לאַנגע גאַסן. אָנקוקנדיק זי באַם ערשטן מאָל, דאַכט זיך אויס, זי לעבט, עס קאָכט דאָרט און רוישט. נאָר דערנאָך, אַז מען ווערט אַ ביסל אײַנגעוווינט, זעט מען, אַז זי איז אין גאַנצן אַ מין גרויסע טונעיאַדעווקע. די אײַנוווינער דאָרט עסן, לייגן זיך שלאָפֿן, שטייען אויף ווי געוויינלעך אַלע טאָג אין איין צײַט. די צײַט ווערט גערעכנט דאָרט נאָך דעם עסן. פֿונעם אָנבײַסן, אָשטייגער, ביז וואַרמעס; און פֿון וואַרמעס ביז וועטשערע. מאַכמעס אָנבײַסן, וואַרמעס און וועטשערע זענען דרײַ קרעטשמעס אין זייער לעבן, וואָס אַהינצו גאַרט מען זיך צו דער־

1 זע „באַמערקונגען" זײַט 171. — 2 געמיינט: פֿראַנקרײַך.

שלעפּן אַפֿ אַ פּאָפּאַס און עפּעס טאָן נאָך דעם, אַז מען האָט פֿאַרבראַכט אַ שטיק צײַט מיט גאָרנישט אין אַ פּוסטן סטעפּ. מען זאָגט, יאַקבי טעטעריוווקער לופֿט מאַכט בעטעווע פֿויל, אָפּ־העניטיק און שלעפֿעריק. ווען עס פֿאַלט אַהינצו אַרײַן עפּעס אַ מענטש מיט אַ קוראַזש, מיט אַ כײַישעק עפּעס צו ווירקן, נעמט עס אין אַ קורצער צײַט באַ אים צו אי דעם קוראַזש אי דעם כײַישעק, און עס בלײַבט אים מער נישט איבער ווי דער כײַישעק צו עסן, צו שלאָפֿן און אופֿצושטיין, ביכדיי ווײַטער צו עסן און צו שלאָפֿן.

בינימאָמין האָט דאָרט געזען די סטאַנציעס פֿון די קליינשטעטל־דיקע סבאָרשטשיקעס [1] און פּאָוויערענעס. אוועקפֿאָרנדיק פֿון דער היים, האָבן זיי אַרויסגעוויזן קוראַזש און שטאַרקײַט נאָך פֿיל מער, ווי מען באַדאַרף. מען מוז פֿאָרן, האָבן זיי אַלץ געדרונגען און אײַנגעשמועסט דעם אוילעם, מען מוז פֿאָרן, זיך סטאַרען, אַרבעטן און אײַנלאַדעוועו מיקוייעך דעם געלט פֿון געוויסע קאָ־האָלשע היצטאַרכעס [2] און מיקוייעך נאָך אַנדערע שטאָטישע זאַכן, כאָטש זייער סטאַרען זיך, אַרבעטן און טאָן וועגן דעם איז אין־גאַנצן אַן איבעריקע זאַך, טאַקע נאָר ווי אַ פֿינפֿטע ראָד צום וואָגן, ווײַל דערופֿ איז דאָ אַ סמעטע, און אַלצדינג ווערט געמאַכט ווערן גאָר אָן זייער הילף. נאָר זיי האָבן אָבער פֿאָרט באַקומען שטאַרק כײַישעק, עס האָט זיך זיי מעשונע פֿאַרגלוסט, האָבן זיי גענומען באַם אוילעם געלט פֿאַר זייערע ווײַבער און קינדער אי פֿאַר זיך אַפֿ הויצאָעס און מאַרש אין וועג אַרײַן אין אַ גוטער, אין אַ מאַזלדיקער שאָ. אין טעטעריוווקע קומענדיק, איז זיי, מײַסע־סאָטן, באַלד פֿאַרגאַנגען דער כײַישעק. ווו בעריִשקײַט, ווען בע־ריִשקײַט! האָבן זיך אַנידערגעזעצט אַפֿ דער סטאַנציע פֿויל, אָפּ־

---

1 אופֿזאַמלער פֿון שטײַערן (אַ קאָהאָלשער אַמט). — 2 באַדערפֿעניש.

הענטיק, נאָר געגעסן, געבעכ, געטרונקען און געשלאָפן, גלייַכ מען האָט זיי־א קישעפ אָנגעטאָן. אין דעם צושטאנד פארברענגען זיי, געבעכ, דאָרט זייערע טעג און יאָרן, דער אוילעם שיקט זיי אלצ צו, אפ זייער באקאָשע, געלט און וויַיטער געלט, און זיי הינען טאקע אלצ, גענעצן, עסן, שלאָפן, געבעכ, ווי די פארצויבערטע פרינצן, און ס׳איז פּאָשעט אומעגלעכ זיי פון דאָרט ארויסצורייַסן, אפילע קיין באל־שעם 1 און קיין טאָטער 2 קענען דערצו אויכ נישט העלפן.

בינִיאָמינען האָט אָנגענומען א יעיצער־האָרע זיכ צו באקענען מיט די בארימטע געלערנטע און שריפטשטעלער, וואָס אין טעטעריווקע. עפּעס איז ער דאָכ אויכ א שטיקל קענער, א כאקרען, וואָס קוקט אריַין אין די קליינע אויסיעלעכ און ווייסט, וואָס איז אזוינס א יִדישער כקירע־סייפער, פונוואנען די דאָזיקע לייַט האָבן געשעפּט זייער טוירע, זייער יעדִיע אין די שעווע־כאָכמעס. הייַנט ווי שיקט זיכ עס, קומען אהער און זיכ נישט זען מיט זייַן סאָרט מענטשן?! כוץ דעם האָט זיכ אים געוואָלט טאקע איבערשמועסן מיט זיי וועגן זייַן נעסִיע. אזעלכע לייַט וועלן אים דאָכ פארשטיין און קענען אָפּשאצן דעם ווערט זייַנעם. ער האָט געהאָפּט, זיי וועלן אים נאָכ געבן האסקאָמעס 3 און אים הייבן ווי אפ דרוקעס. זיי האָבן דאָכ ליב ארויסצוגיין מיט זייערע האסקאָמעס אפ קלייניקייַטן, שמאָכטעלייַען, ביפראט נאָכ אפ אזא זאכ, אפ אזא וויכטיקע זאכ, דאָ וועט דאָכ די פּען זייערע זיכ צעלאָזן גאלאָפּ, גאלאָפּ ווי א פערד.

נאָר צו וועלכן פון זיי בינִיאָמין איז געקומען, האָט ער אים אלצ געטראָפן — אָדער ער עסט אָדער ער שלאָפט! איינמאָל איז אים געראָטן צו טרעפן איינעם פון די לייַט — א ווילדער

1 א מענטש, וואָס טוט וואונדער, הייַלט קראנקע מיט פארשיידענע קאמייעס אדגל. — 2 געמיינט: א זנאכער. — 3 געמיינט: רעקאָמענדאציעס; רעקאָמענדיר־בריוו.

שרײַבער, מעשונע א באַרימטער בעריע — ווי ער איז געזעסן אָנגעלענט אפּ א באַנקבעטל אין אַן אָפּגעזונדערט כיידערל.

— גוט־מאָרגן!..

— גוט־יאָר! וואָס וויל א ייִד?

— עט, אַזוי, א ביסל שמועסן!

אהין־אַהער, עפּעס פּלאַטשיק דער אייסעק. דער בעריע איז עפּעס ווי צעקראָכן, קוים וואָס ער רירט מיט די ליפּן, די נעשאָמע ליגט אים אפּ דעם שפּיץ נאָז און עס קלעפּן זיך אים די אויגן. בינימין מינטערט אים, רעדט איבער אים, ווי ער קען, נאָר אומזיסט די מי, ער איז קאַלט ווי אײַז. ערשט דערנאָך האָט ער זיך א ביסל אויסגעטשוכעט, א שטאַרקן גענעץ געטאָן און אַרײַנגערופן דאָס ווײַב.

— ווען וועט מען שוין גיין עסן? — האָט ער זי א פרעגע געגעבן און אויסגעקנאַקט די ביינער מיט א געשמאַקן גענעץ.

— לאָז מען שוין געבן עסן, וואָרעם איך וויל, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל א ביסל צולייגן מיך שלאָפן...

האַקלאַל, טעטעריוווקע איז א גוטע ספּאַלניע, אַלצדינג שלאָפט דאָרט רויִק, אי דאָס געלערנטקײַט, אי דער האַנדל, אי די בענק, אי די פּראָצעסן (לאָדענישן) און אַלע מינע געשעפטן. ווי מען זאָל זיי נישט פרוּוון וועקן, קען מען זיי אַלץ נישט דערוועקן. אַפילע ווען עטלעכע מענטשן פאַרקלײַבן זיך אַמאָל אינײַנעם, נעמט זיי באַלד אָפּ דאָס לאָשן, זיצן, גענעצן און קוקן איינער דעם אַנדערן אָן ווי די גוילעמס, און די גאַנצע געזעלשאַפט ווערן אָנשלאָפן. ערשט ווען מען דערלאַנגט די וועטשערע, רירט זיך אין זיי אַן אייווער, זיי ווערן לעבעדיק, נעמען זיך געשמאַק צו דער אַכילע, עסן אָפּ — און א גוטע־נאַכט! זיי גייען אַהיים שלאָפן...

אונדזער בינימין האָט עס געפילט שפּעטער אפּ זיך אַליין.

ער האָט דערנאָך אין טעטעריוווקע נישט מער געטאָן ווי געגעסן און געשלאָפן, און דער כיישעק פון דער נעסיִע איז אים עפּעס ווי פאַרגאַנגען. ער איז געווען אין א גרויסער סאַקאָנע פאַרפאַלן צו ווערן דאָרט, אַזוי ווי א שיף, וואָס כאַפּט זיך אַריַין אין דעם שטילן יאַם, און אָפּשלאָפן דאָרט זיַין לעבן ביז אַצינד, ווען מיט אים זאָל זיך נישט געווען מאַכן א מיַיסע, וואָס האָט, ווי א שטור־רעמווינט, אַפּ זיַין גליק און אַפּ דער וועלטס גליק, אים מיט גוואַלד אַרויסגעטריבן פונדאַנען וויַיטער צו זיַין נעסיִע.

די סיבע פון איציק פאַשטן צו ביניאָמינען האָט וואָס א טאָג אַלץ מער געוואַקסן. ער האָט די לעצטע צײַט ווי א זלידניע זיך איַינגעגעסן אין ביניאָמינען און זיך גענומען שטאַרק מעפּאַלפּל צו זיַין מיט אים איבער זיַין נעסיִע, אים לייגן שטיינער אַפּן האַרצן, אַז דענסטמאָל, ווען דאָ אַפּ דער דלאָניע וועט וואַקסן האָר, וועט ער קומען צום סאַמבאַטיען און זען די רויטע יִידלעך, ווי ער זעט זיַין אויער.

ביניאָמין אָבער האָט זיך נישט געלאָזט שפּיַיען אין דער קאַשע און אויסגעדרונגען, אַז ס'איז דאָ אין דער וועלט א בוירע [1], וואָס פאַרלאָזט נישט די, וואָס האָבן אין אים א ביטאָכן. נישקאָ־שע, ער וועט, אים־יִירצע־האַשעם, מיט גאָטס קויעך דערגייַין אַהינצו, סאָנים אַפּ צעשפּרינגעניש. און אַז ביניאָמינען פלעגט, טיַינענדיק, זיך צעשפּילן די געבליטן, פלעגט ער ווערן פלאַם־פיַי־ער און אין דער מיט שמועס אַריַינוואַרפן אַפּ א קאָל: פּיפּערנאָ־טער, לינדנוואָרעם, אייזל, מויל־אייזל אוכדוימע! דאָס האָט גע־הייסן אַזויפיל ווי: בילט אַפּ די ציינ, אָט בין איך שוין העט־וויַיט, אָט בין איך שוין דאָרט אין דער מידבער און גיי און גיי און גיי!..

איציק פלעגט דריַי מאָל אויסשפּיַיען און זאָגן: ער איז פּאָשעט מעשוגע, כאָסער־דייע, מען באַדאַרף אים פירן צום טאָטער. און

---

1 באַשעפער.

האָט צום סאָפ אזוי ווײַט געבראכט, אז קוים האָט בּיניאָמינ זיכ געוויזנ אפ דער גאס, זענענ אימ ווײַסע־כעוורע נאָכגעלאָפנ ווי נאָכ א מעשוגענעמ מיט שטיינער, אימ געמאכט א הורא אונ געשריגנ: פּיפּערנאָטער, לינדנוואָרעמ!

איינמאָל, אז בּיניאָמינ מיט סענדערלענ זענענ פארנאכט געגאנגענ ביידע אינ גאס, איז כעוורע זיי באפאלנ ווי די היישעריקנ אונ זיי שטארק דעקוטשעט, אזוי אז זיי האָבנ געמוזט אנטלויפנ מיט הינטערגעסלעכ. אינ איינעמ פונ די ענגע געסלעכ האָבנ זיי, לויפנדיק בארג־אראָפּ איבער א לאנגער, שמאָלער קלאדקע, זיכ באגעגנט דאָרט סאמע אפ דער מיט מיט א מענטשנ, וואָס איז זיי געקומענ אקעגנ. אויסמײַדנ זיכ דאָרט איז נישט געווענ קיינ שום מעגלעכקײַט, סײַדנ אראָפּשפּרינגענ אונ צעשלאָגנ דעמ קאָפּ אָדער ווייניקסטנס זיכ אויסברעכנ א פוס. די ביידע זאכנ אָבער האָבנ אונדזערע פארשוינענ באדארפט האָבנ נייטיק אינ לעבנ ארײַנ. אָנ א קאָפּ אָדער אָנ א פוס וואָלט דאָכ קיינ סוואָרע נישט געווענ צו מאכנ זייער נעסיִע. אונ בּיניאָמינ מיט סענדערלענ זענענ געבליבנ שטיינ מיט אראָפּגעלאָזענע נעזער.

— א־א, שאָלעמ־אלייכעמ, בּיניאָמינ! — האָט יענער פארשוינ, וואָס איז געקומענ אקעגנ, א זאָג געגעבנ מיט א פארדראָס אי מיט א געלעכטער אינײינעמ. — א גוטע באגעגעניש, כ'לעבנ, אזוי ווי געווונטשנ!

— שאָלעמ־אלייכעמ, אלייכעמ־שאָלעמ, רעב אײַזיק־דאָוויד! — האָט בּיניאָמינ געענטפערט נישט מיט זײַנ קאָל שטארק צעמישט.

דער דאָזיקער פארשוינ איז געווענ רעב אײַזיק־דאָוויד רעב ארנ־יאָסעלעס סאָרע־זלאטעס, דער כאָכעמ פונ טונעיאדעווקע.

— שיינע מענטשנ! — האָט רעב אײַזיק־דאָוויד געמאכט מיט טארומעס. — מענ פאָרט אוועק פונ דער היימ ביגניוועס, גלאט

אוועק, פאר וואָס, פאר ווען? אלצדינג מוז דאָך זיין עפּעס מיט א גאנג, מיט א דערעכ-האטעווע. וואָס הייסט גלאט אוועק און מאכן וויבער, נעבעכ, אָן א שום גאנג, פאר וויסטע אגונעס מאכן וויבער! ווייס איכ? סטייטש, אדעראבע, שוין אוועקגעשטעלט אלצדינג אין דער זייט, פרעג איכ אייכ נישט מער, נאָכאמאָל טאקע, אדעראבע, סטייטש, סטייטש?! פאר-קערט, זאָגט, וואָס טוט איר דאָ? איכ מיין טאקע דיכ אויכ, סענ-דערל. נישקאָשע, איכ זע דיכ, ווי דו שטייסט פון הינטן. דיין וויב, סענדערל, וועט דיר, נישקאָשע, געבן, גוט מעכאבעד זיין וועט זי דיכ, דיין וויב. ווי א הערינג, אזוי אין קאס איז זי, וואָלט זי דיכ צעריסן, דיין וויב. דאָס הארץ, אָבער, האָט איר געזאָגט, אז דאָ מוזט איר אוואדע זיין, האָט איר געזאָגט דאָס הארץ, דיין וויב, און זי האָט געוואָלט, נישט אנדערש פאָרן נאָר אהער, האָט זי געוואָלט, נאָר מיט מיר, דיין וויב.

— הא, ער איז דאָ! — האָט א געשריי געטאָן א ייִדענע, וואָס איז אונטערגעקומען פון הינטן צו רעב אייזיק-דאָווידן.

סענדערל האָט אין קאָל דערקענט זיין באָכערטע. ער איז גע-וואָרן טויט ווי די וואנט און געבליבן אָן א נעשאָמע פאר שרעק. ער האָט מיט ביידע הענט זיכ אָנגעכאפּט אין ביניאָמינס פּאָלע, ער זאָל נישט אראָפּפאלן פון דער קלאדקע, אזוי האָט אים זיכ דער קאָפּ פארדרייט. עס האָט אים זיכ געדאכט, אָט נעמט אים שוין אָן זיין וויב און פּעטש שיטן זיכ אים ווי האָלץ.

— קוקט נאָר אָן די נעפאשעס, די שיינע נעפאשעס. אָ, די קאפּאָרע זאָלן זיי ביידע ווערן! הא, ווו איז ער דאָרט ערגעץ, מיין ייִמאכ-שמוויניק[1]? לאָזט מיכ נאָר צו אים צו א ביסל, לאָזט מיכ, איכ וועל אים ווייזן, וואָס פאר א גאָט מיר האָבן!

---

1 געמיינט: דער פארשאָלטענער; דער אויסוווּרף.

אזוי האָט אין איין אָטעם געשריגן סענדערלס ווײַב און גע־
שטופּט רעב אײַזיק־דאָווידן.

— נאָר אָן געשריי, אָן ראַש, — האָט רעב אײַזיק־דאָוויד זי
געבעטן, — האָט נאָר צײַט. אז איר האָט אזויפיל געוואַרט,
וואַרט זשע נאָך א ביסל. קיין אגונע, מיט גאָטס הילף, וועט איר
דאָך שוין קיין אגונע נישט זײַן. און ווײַטער, ווי זאָגט מען עפּעס,
האַ? אויך די אייגענע מײַסע, א ייִדענע בלײַבט טאַקע א ייִדענע.
דאַכט זיך, א קלוגע, און פאַרט א ייִדענע. לאָמיר שמועסן די
אייגענע זאַך פאַרקערט. מיילע, מאַ ראַש[1]? ס'איז נישט מער, גלאַט
פאַרדראָסיק: גלאַט אַוועק, פאַר וואָס, פאַר וועג? אַלצדינג מוז
דאָך זײַן עפּעס מיט א גאַנג, פאַרשטייט איר מיך? נאָר אז ס'איז
שוין אזוי, איז דאָך שוין טאַקע אזוי, הײַנט וויבאַלד ס'איז אזוי,
איז דאָך טאַקע די קאַשע: צו וואָס נאָך שרײַען? דער טערעץ
איז אָבער, איך בעט אײַך איבער ווי אַן אייגענע מוטער: א
ייִדענע, מעכילע, בלײַבט טאַקע א ייִדענע.

רעב אײַזיק־דאָוויד האָט זיך ערשט צעוויגט און געוואָלט,
ווי זײַן שטייגער איז, דעם שמועס זײַנעם איבערשמועסן ווידער
פאַרקערט, דערנאָך ווײַטער אמאָל פאַרקערט, און אַרײַנגעבן דע־
רינען א ביסל פעפער מיט ציבעלע. נאָר פון ביידע זײַטן קלאַדקע
זענען געשטאַנען א סאַך מענטשן, וואָס זענען דערווײַל אָנגעקו־
מען. זיי האָבן פונדערווײַטן זיך שטאַרק געבייזערט דערוף, וואָס
ייִדן האָבן זיך אַוועקגעשטעלט דאָ שמועסן, גלײַך ווי עס גייט
זיי נישט אָן די גאַנצע וועלט, און לאָזן קיינעם נישט אַריבערגיין.

די קלאַדקע איז אזוי שמאָל געווען, אז צוויי מענטשן האָבן
דאָרט זיך נישט געקענט מײַדן. די, וואָס פון איין זײַט, האָבן
טאָמיד געמוזט וואַרטן, ביז יענע פון דער אַנדערער זײַט וועלן
פאַריִער אַריבער. דעריבער האָט סענדערלס ווײַב מיט רעב אײַזיק־

1 וואָס איז דער טומל, דער גוואַלד.

דאָווידן געמוזט צוריק גיין צו יענער זײַט קלאדקע, פונוואנען זיי זענען אָנגעקומען. דעסגלײַכן סענדערל מיט ביניאָמינען האָבן אויך צוריקגעקערט זיך צו דער אנדערער זײַט, און ערשט דערנאָך האָט, פון דער דאָזיקער זײַט טאקע, דער אוילעם אָנגעהויבן איבערצוגיין די קלאדקע.

— איך בעט דיך, סענדערל, וואָס שטייען מיר דאָ אזוי און ווארטן? — האָט זיך אָנגערופן ביניאָמין, וואָס איז פריִער צו זיך געקומען. — עפּעס שטייען מיר דאָ, אזוי גלײַך ווי מען בינדט צו א יינגל מיט איין עק פאָדעם אין מויל און מיט דעם אנדערן צום פיסל פון טיש. נארעלע, איצט האָבן מיר צײַט ניצל צו ווערן[1].

— גערעכט, ווי איך בין א ייִד! — האָט סענדערל א זאָג געטאָן פריילעך, ווי איינער, וואָס רײַסט זיך ארויס פון דער קלעם. — גיכער, גיכער, ביניאָמין! אויב דו ווילסט, איך זאָל נישט ארײַנפאלן אין אירע הענט. דאָס איז נישט קיין קלאדקע, נאָר זכוס־אָוועס האָבן דאָ פאר אונדז זיך געלייגט...

אונדזערע פארשוינען האָבן געמאכט געשווינד א פּליטע, און אין עטלעכע מינוט זענען זיי שוין געווען ווײַט ערגעץ אין אן אנדער עק שטאָט. זיי האָבן נישט געמאכט לאנג שיִעס, פארנומען באלד זייערע פּעקלעך און זיך געזעגנט מיט טעטעריווקע.

1 זיך ראטעווען.





## דאָס צענטע קאַפּיטל

# הורא, רויטע ייִדלעך!

— היי, וויאָ, וויאָ! — האָט אַף דער קעלניע פֿון אַ בויד הייזעריק געשריגן אַ שמײַסער און איז שיר מיטן דישל נישט אַראָפּגעפֿאָרן אַף צוויי ווײַבלעך, וואָס זענען געשטאַנען אין דער מיט גאַס, סאַמע די לעבעדיקסטע פֿון גלופּסקער גאַסן, ביידע מיט טאָרבעלעך שפּײַז: פֿלייש, רעטעכלעך, ציבעלע, קנאָבל אונטערן אָרעם, און האָבן איינע דער אַנדערער אײַנגערוימט סוידעס אי אויסגעגאָסן דאָס האַרץ, שרײַענדיק אַף אַ קעלכל, אַז מען האָט אים געקענט הערן ווײַט פֿאַר אַ מײַל.

די ווײַבלעך זענען אינמיטן שמועס זיך צעלאָפֿן, איטלעכע אין אַן אַנדער זײַט גאַס, און זיך געשטעלט פֿונדערווײַטנס צו ענדיקן זייער שמועס, איבערשרײַענדיק מיט אַ ניגן איבער בוידן, דראָשקעס, טעליגעס און פֿורלעך האָלץ, וואָס האָבן זיך גע־

צוויגן איינע הינטער דער אנדערער אין א גאנץ לאנגער שורע, אזוי אז א ה פּשע צייַט איז ריין אומעגלעך געווען די גאס איבער-צוגיין.

— כאַסיע-ביילע! נו, ווער סטו הייַנט בא דער נאכט קומען אהינצו — צו דער קאָרטנווארפערן? איך וועל דאָרט זייַן מיט מייַנעם... דייַנער וועט אויך אהינצו קומען, ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל דיר זאָגן, עס וועט דאָרט זייַן פריילעך. קום, נארעלע, וועסט, כ׳לעבן, האנאָע האָבן! נו, כאַסיע-ביילע, וועסטו קומען?

— מייַן באלעבאָסטע, ברענען זאָל זי, וויל מיך הייַנט מע-כאבער זייַן מ ט ראָשטשינען ברויט און איבערייַבן גרייַפּלעך. איך וועל מיך אָבער אויסדרייען און קומען. נאָר איך בעט דיך, דאָבריש, לאָז עס זייַן בעסאָד, זאָג נישט קיינעם!

— ווארט נאָר, כאַסיע-ביילע, ווארט! דער רועך וועט דייַן באלעבאָסטע נישט נעמען, אז דער ווארמעס וועט שפּעטער מיט א שאָ ארויסקומען. זי וויל פרעסן? נו, לאָז זי עסן ווערעם, קרענק! איך האָב גאָר פארגעסן, כאַסיע-ביילע! זיפּ נישט איבער אזוי די מעל. די מיטשניטשקע איז ניט צופרידן פון דייַנע קלייַען. וויפל איז דיר געבליבן הייַנט פונעם אָנקויפן?

— שייגעץ, שייגעץ! כאַפּט אים נאָר, דעם שייגעץ! וואָס איז עס פאר א מאָדע כאַפּן? א, פארכאַפּט זאָל ער ווערן!

— וואָס איז דאָרט, כאַסיע-ביילע? וואָס שרייַסטו אזוי?

— א קארמאנשטשיק, דאָבריש! ער האָט בא מיר שיר-שיר נישט ארויסגעשלעפּט דאָס טאָרבעלע שפּייַז פון אונטערן אָרעם. א מאראָכע [1], וואָס איך האָב באצייַטן מיך ארומגעקוקט.

— זע נאָר, זע, כאַסיע-ביילע! וואָס איז דאָרט אזא צונויפ-

---

1 דאָ געמיינט: א גליק.

לויפעניש? עס מוז שוין ווײַטער ערגעץ ברענען. ס'איז שוין הײַנט די צווייטע סרייפע. ביז נאכט קען זײַן נאָך עטלעכע סרייפעס.

— מען הערט נישט קלינגען, דאָבריש. א סרייפע, וואָלט מען דאָך געקלונגען.

— שא, אָט גייט די מעקלערן. איך וועל זי א פרעג טאָן. סימע־דוואָסיע! סימע־דוואָסיע! וואָס לויפט מען דאָרט עפּעס אזוי?

— איך ווייס נישט, קיין צאר! עפּשער ווייסט נעכאמע־גיסע. נעכאמע־גיסע! וואָס איז דאָרט פאר א רעדל, סערדצע? אײַערע קאטשקעס שרײַען עפּעס, אז מען הערט נישט, וואָס מען רעדט. האָדל איז הײַנט געלעגן געוואָרן, זי וועט באַ אײַך צונעמען די קאטשקעס. הינער האָט איר אויך? זייער פעטע קאטשקעס! אייער איז הײַנט נישט געווען זיך צו דערקויפן. וואָס איז דאָרט אזא מעהומע?

— ווייס איך? עפּעס רויטע ייִדלעך. עפּעס האָב איך געהערט שרײַענדיק: רויטע ייִדלעך.

— וואָס, עס זענען אָנגעקומען רויטע ייִדלעך? אײַ־אײַ־אײַ! מען מוז דאָך גיין אָנקוקן אפּ כידושים, — האָבן אלע מיטאמאָל א געשריי געטאָן און זיך געלאָזט לויפן הענדום־פּענדום צום רעדל מענטשן.

— הורא, פּיפּערנאָטער, לינדנוואָרעם! הורא, רויטע ייִד־לעך! — האָבן צווישן דעם רעדל מענטשן געשריִען א גאנצע כאָפּטע ווײַסע־כעוורע.

די דאָזיקע רויטע ייִדלעך — דאָס זענען געווען אונדזערע פּארשוינען, ביניאָמין מיט סענדערלען, וואָס אין א קורצער צײַט נאָך יענער מײַסע, וועלכע עס האָט מיט זיי זיך געטראָפן אפּ דער קלאָדקע, זענען זיי אָנגעקומען קיין גלופּסק און האָבן דאָרט בעמעשעך פון א פּאָר וואָכן שטארק קוינע־שעם געווען. עס האָבן זיך געפונען א סאך ערלעכע ייִדן, וואָס האָבן פון זיי

פּאָשעט אָנגעקוואָלן, מאמעש אזוי ווי פון דעם שוסטערל, וואָס ער איז אין יענער צײַט דורך זײַנע מאָפּסים אין גלופּסק פּלוצלים ניסגאלע געוואָרן [1].

טאָלצע און טרײַנע, צוויי געוויסע אלטע ייִדענעס, קאָשערע נעשאָמעס, וואָס פלעגן, ווי איטלעכן איז באקאנט, אלע טאָג פאר־נאכט שאבעסדיק זיך אָנטאָן מיט דער יופּע אי מיט דעם שטערנ־טיכל און ארויסגיין אונטער דער שטאָט באגעגענען מאָשיִעכן, אָט זיי זענען דאָס געווען די גליקלעכע אין איין פארנאכט צו ווסטרעטנציענ אפ יענער זײַט ראָגאטקע אונדזערע פארשוינען באם אָנקומען זייערן פון טעטעריוווקע און אין א גוטע שאָ ארײַנצו־פירן זיי אין גלופּסק. באלד טאקע בא דעם ערשטן באגעגעניש האָבן שוין די ביידע יופּעס זיך דערוווּסט אלצדינג, וועמען גאָט האָט זיי דאָ באשערט. טאָלצע מיט טרײַנע האָבן פארווונדערט זיך אָנגעקוקט, איינע די אנדערע זיך געשטאָרכעט: — נו, טרײַ־נע? — נו, טאָלצע? — האָבן זיי זיך געשושקעט: — דאָס הארץ אָבער האָט אונדז גלײַך געזאָגט, אז דאָס זענען עפּעס ניט גלאט קײַן מענטשן. טאָלצע און טרײַנע האָבן זיך געשמאָלצן אין אונ־דזערע פארשוינען. זיי זענען עפּעס ווי ייִנגער געוואָרן, עס האָט זיי זיך געפרייט דאָס הארץ, הערנדיק פון דער נעסיִע, זיי האָבן געקוקט אפ זייערע באשערטע און זיך אלץ געשטורכעט מיט א שמייכעלע: — נו, טרײַנע? — נו, טאָלצע?.. טאָלצע האָט זיי אונטערגעארבעט זאָקן, טרײַנע האָט זיי פארלאטעט העמדער, צוגענייט בענדלעך, און זענען געווען גליקלעך, איבערגליקלעך, אקוראט ווי קאלעווײַז, אמאָל אין די יונגע יאָרן. האקלאל, אונ־דזערע פארשוינען האָבן אין גלופּסק אפ זיך געפונען מעווינים. אזעלכע לײַט ווי זיי קען טאקע נאָר איין גלופּסק שאצן און פארשטיין זייער טײַערן ווערט.

---

1 זיך אנטפּלעקט; אנטדעקט געוואָרן.

אהין, אין גלופּסק אַרײַן, איר, ייִדישע קינדער! וואָס וואַל־
גערט איר זיך, נעפּאַשעס, שיינע מענטשן, און ווערט ווי באַט־
לאָנים פאַרפאַלן אין די קליינע שטעטלעך אונטערן אויוון?! אין
גלופּסק אַרײַן, צו אַלדי שוואַרצע יאָר! דאָרט וועט איר געפינען
אײַער גלײַכן, דאָרט וואַרטן אויף אײַך אײַערע טאָלצעס,
אײַערע טרײַנעס און טויזנטער ערלעכע ייִדן און קאָשערע נע־
שאָמעס, דאָרט קענט איר וואַקסן, דאָרט קענט איר אויסגעריכט
ווערן, דאָרט קענט איר געפעלן, שטאַרק גילטן, א פּאָנעם האָבן
און ערשט לעבן!..

אין גלופּסק, א רועך אין אײַער טאַטן אַרײַן!

אָט וויאַזוי אונדזער בינימין שילדערט די שטאָט גלופּסק:

„אז איר קומט אָן קיין גלופּסק דורך דער טעטעריוועקער גאַס,
זאָלט איר מוחל זײַן איבערשפּרינגען דאָרט איינע בלאָטע, ווײַ־
טער א ביסל די צווייטע, נאָך ווײַטער א ביסל די דריטע, סאַמע
די גרעסטע, וואָס אהינצו לויפן אַרײַן, מעכילע, רינשטעקלעך
אי באַלעבאַטישע פּאָמוניצעס און ברענגען מיט זיך אָן פון קאָל־
טוּוו, איטלעכן טאָג עפּעס אַן אַנדער מין סכוירע, אַנדערע סאָרטן
כפייצים פון אַלערליי קאָלירן און פאַרשיידענע מינע רייכעס, ווי
עס פּאַסט צום איניען, און דורך דעם איז זייער גרינג צו טרעפן
דעם טאָג. גיסן זיך אהין, אַשטייגער, געלע לוזשקעלעך פון זאַמד,
מיט וועלכן מען וואַשט די פּאָלן, און טראָגן מיט זיך אָן ליסקעס
פון פיש, דרויב, פּיסלעך, קעפּלעך פון הינער, א ביסל האָר מיט
פאַרברענטע שטיקלעך קאָפּיטעס — זאָלט איר האָבן א סימען:
הײַנט איז פרײַטיק, נעמט א בעזעם מיט א ראַשקע און לויפט,
זײַט מוחל, אין מערכעץ אַרײַן. טראָגן זיך אהינצו אָן שאָלעכץ
פון אייער, פון ציבעלעס, פון רעטעך, סוכעזשילעס פון לעבער
מיט עקן פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מאַרך־ביינער, —
אהא! גוט־שאַבעס אײַך, ייִדישע קינדער! זאָל אײַך וווּיל באַקו־

מען נאָכן קוגל. זעט איר אָבער די רינשטעטקלעך קוים־קוים וואָס זיי רירן זיך, עס שלעפּן זיך דאָרט פאַרברענטע שטיקלעך קאַשע, פאַרדאַרטע שטיקלעך טייג, אַ צעריסענע שמאַטע מיט אַ צעפּאַ־לענעם ווילכעטש, איז אַ סימען: דאָס איז הײַנט זונטיק. דער וואַ־סערפירער האָט נאָך נישט געבראַכט קיין וואַסער, קוים וואָס מען האָט אויסגעזויגן אַ ביסל פון דער פּאַס אַף אויסצוּוואַשן ווי־ס'איז כאָטש די טשאָלנט־טעפּ מיט די מאַקערטעס. און אַזוי אין אַלע איבעריקע טעג פון דער וואָך האָט איטלעכע לוזשע איר באַזונדער פּאָנעם, איר באַזונדער געשטאַלט מיט איר באַזונדער רייעך.

און אַז איר זענט בעשאָלעם איבערגעקומען אין די דאָזיקע בלאָטע אויך, וועט איר, ראַבויסים, גיין פאַרבײַ אַ היפּשן בערגל מיסט, דאָס איז אַן איבערגעבליבענער זייכער פון אַן אָפּגעברענט הײַזל, וואָס אויבן שטייט געוויינטלעך אַ בעהיימע, גלײַך ווי אַ קעלביקער מאַגיד[1], איז גאַנץ רוּיִק זיך מאַלעגיירע, מאַכט מיט דעם מויל און קוקט טאַמעוואַטע אַף דעם גאַנצן אוילעם ייִדן, וואָס לויפן אונטן ווי די פאַרסאַמטע מיט אַלערהאַנט שטעקנס, שטעקלעך אין פאַראַסאָלן, טוט דערבײַ אַמאָל אַ סאָפּע, אָדער אַ קוויִשן זיפץ, טאַקע נאָר גלײַך ווי זי וואָלט געזיפצט און גע־קרעכצט, מישטיינס־געזאָגט, אַף דעם דאָזיקן אוילעם, אויך אַף איר שלימאַזל, וואָס זי איז, נעבעך, אַרײַנגעפאַלן אין ייִדישע הענט... איבערקומענדיק אין דעם בערגל, וועט איר גיין גלײַך, גלײַך, אַלץ גלײַך. עפּשער וועט איר, לא יעלה ולא יבוא[2], זיך אַ זעץ געבן אין די שפּיצעכדיקע שטיינער פונעם ברוק, וואָס ליגן צעזייט, צעשפּרייט, מעשונע ווילד, און, כאַס־וועשאָלעם, פאַלן, זאָלט איר מויכל זײַן אופּשטיין, אויב איר וועט קענען,

---

1 אַ באַלדאַרשן, אַ פּריידיקער. —2 לוי יאַלע וועלוי יאָוווי —געמיינט: עס זאָל די שאָ ניט זײַן.

אונ אלצ טאקע גיינ, גיינ, בעזמ איר האָט נישט אויסגעבראָכנ קיינ פוס, כאָלילע, ביז איר וועט קומענ אפ עפּעס א מינ פּלאצ. דאָרט אפ דעמ פּלאצ וועט איר געפינענ דעמ טאמצים [1] פונ גלופּסק.

אונ ווענ ס'איז נאָר א סוואָרע טעטעריוקער גאס אָנצורופנ דעמ מ אָ ג נ פונ גלופּסק, קענ מענ נאָכדעמ שוינ מיט רעכט זאָגנ, אז דער דאָזיקער פּלאצ איז איר ה א ר צ, וואָס דאָרט קלאפּט זיכ טאָמיד טאָג אי נאכט, אונ וואָס דאָרט איז איר כִעס, דאָס גאנצע לעבנ. דאָרט שטייענ קלייטנ, קלייטעלעכ, שאפקעס אונ די באקאנטע גנייווע-שאפּקעלעכ, וווּ באלמעלאָכעס זעצנ דאָרט אָפּ דעמ יִמטער: שטיקלעכ מאטעריע, טאסמעס, בענדלעכ, סאמעט אונ שטיקלעכ פּעלצ. דאָרט רודעוועט זיכ זייער שטארק. עס שווּיבלט אונ גריבלט, א געדיכטער אוילעמ אָנ אייַנהאָרע: יִדנ שטופּנ זיכ אונ כאפּנ, נעבעכ, פונ איטלעכער זייַט דישלעס פונ טעליגעס אונ פּארקעס. דאָקטוירימ זאָגנ, בייַשער אז מענ פּאלמעסט א גלופּסקער יִדנ, געפינט מענ דאָס-ראָוו בא אימ אינ לייַב שטעקט א דישל. נאָר אפ גלופּסקער דאָקטוירימ קענ מענ זיכ נאָכ נישט סוימעכ זייַנ [2]. די רויפימ שפּילנ דאָרט א סאכ א גרעסערע ראָליע. דאָרט הערט מענ טאָמיד א קאָל: הייסע באבקעס, יִדעלעכ! אהער, הייסע רעטשאניקעס, קנאָבל, ציבעלעס, יִדישע קינדער! פונ אָפּגעריסענע יִנגעלעכ, וואָס גייענ ארומ אונ שרייַענ מיט עפּעס א מעשוּנע ניגנ. דאָרט כאפּט מענ אמאָל פּארנאכט א דאווּנ, מענ איז מעכאדעש גאנצ הויכ די לעוואָנע [3] אונ מענ שרייַט דערבייַ צו איטלעכנ, וואָס גייט נאָר פארבייַ: שאָלעמ-אלייכעמ, פעטער! דאָרט שטייענ

---

[1] די קווינטעסענצ. — [2] זיכ פארלאָזנ. — [3] מ ע כ א ד ע ש ז ייַ נ ד י ל ע וו אָ נ ע — זאָגנ ספּעציעלע טפילעס בא דער שייַנ פונ דער לעוואָנע אינ דער ערשטער העלפט לעוואָנע-כוידעש.

טרענערס, ארומגעגארטלט מיט גראָבע שטריק, אָטסטאווגע סאָלדאטנ מיט אלטע כאָליעוועס און אויסגעריבענע שינעלנ, טאנ-דעטניקעס מיט אלטע טאכטוינים, קאפטנס, לייבלעכ און נאָכ אלערליי שמאטעס. אינמיטנ שטייט דער פאני סטאָראָזש און עסט געשמאק א שטיק יִדישנ קוילעטש, וואָס ער באקומט שאַבעס פאר די ליכט אָפּשנייַצנ, און היט זיכ, לעהאוודל, ווי א שמורעניק [1], בעשאס ער גיט א בִיס, עס זאָל, כאָלילע, קיינ ברעקל נישט אראָפּפאלנ. קארמאנשטשיקעס דרייענ זיכ דאָרט ארום צו מאכנ די קונצ. עפּעס א פארשמירט מיידל מיט צעשויבערטע, צעפּאטלטע האָר שפּרינגט פּלוצלימ פונ דער העלער הויט ארויס, רעוועט, בעט א נעדאָווע אפּ א צעריפּעטנ קאָל, כאפּט אָנ פאר דער פּאָלע און שרייַט, כאָרכלט וויינענדיק, גלייַכ ווי איר וואָלט זי געקוילעט און צוגענומענ בא איר געלט. א פּעקל ווייַסע-כעווירע לויפט דאָרט מיט א הורא נאָכ עפּעס א מעשוגענעמ, וואָס זינגט טרויערדיקע לידלעכ, האלב יִדיש, האלב פּויליש, און טראָגט אפּנ קאָפּ א צעקנייטשט קאפּעליושל. דאָרט שטייט א באָ-כער מיט עפּעס א מינ קעסטעלע, יִדנ קוקנ אהינצו אינ לאָכ, און ער רעדט דערבייַ מיט פּיסקעס זייַנ געוויינטלעכנ פּיזמענ: דאָס איז לאָנדאָנ, דער פּויפּסט פּאָרט דאָ רייַטנדיק אינ רויטע הויזנ, און אלע שטייענ פאר אימ אָנ א היטל! איצט זעט איר, ווי נאפּאָלעאָנ מיט זייַנע פראנצויזלעכ שלאָגנ זיכ מיט דעמ פּרייַס, און די פּרייַסנ צעלויפנ זיכ ווי די טאראקאנעס! אָט אצינד קומט פיר, ווי איינע פּאָרט אינײנעמ מיט דעמ טויגער אינ איינ קארעטע. דער גראָספּעציר [2] האלט די בייַטש און טרייַבט אָנ. די פערד האָבנ זיכ ראספּאָלאָשעט, אויסגעקערט די קארע-טע, דער טויגער, נעבעכ, איז געפאלנ, זיכ א גוטנ זעצ געטאָנ,

---

1 שטארק פרומע לייַט, וואָס עסנ א ספּעציִעלנ מינ מאצע (שמורע). 2 גרויסוויזיר.

און זי זוכט אין אײַלעניש ווי זיך אויסצודרייען! נו, א סאָפּ, גע-
נוג שוין צו קוקן פאר א הארטן גראָשן. דאָרט זיצן שורעסווײַז
אויסגעזעצט ייִדענעס מיט מולטערס, פול אָנגעלייגט מיט בינט-
לעך קנאָבל, מיט אוגערקעס, קארשן, אגרעסן, ווײַמפּערלעך,
ערעצ-ייִסראָעל-עפּעלעך, קאָלנידרע-בארלעך און מיט נאָך אנ-
דערע זאכן. אין דער זײַט שטייט אפּ הינערשע פּיסלעך אן
אלטע אײַנגעהויקערטע בודקע, אָן טיר און פענצטער, וואָס, קע-
פּי אלטע גרײַז-גרויע ייִדן דערציילן, איז אמאָל דאָרט געשטא-
נען א בודאָטשניק, און די גאנצע שטאָט איז דענסטמאָל געלאָפן
אָנקוקן די בודקע מיט דעם סאָלדאט אפּ כידושים. לעבן דער
אלטער בודקע, מיט וועלכער גאנץ גלופּסק איז זיך מעיאכעס [1]
ווי מיט עפּעס אן אלטן קרעפּאָסט, דאָרט אונטער עפּעס א מין
דעכל, באדעקט מיט עטלעכע פארשימלטע ברעטלעך, מיט אי-
בערגעפּוילטע שטרוי און ראָגאָזשעס, אָנגעשפּארט אפּ פיר קרו-
מע אויסגעבויגענע סלופּעס, זיצט דוואָסיע די סעדעכע, ארומגע-
רינגלט פון אלע זײַטן מיט מולטערס. בא איר געפינט זיך טאָ-
מיד איר גרויסער פײַערטאָפּ, וואָס ווינטער זיצט זי אפּ אים,
ווי א קוואָטשקע אפּ די אייער, דעם גאנצן טאָג קעסיידער, נאָר
וואָס זי כאפּט אים אמאָל פון אונטער איר ארויס אונטערצו-
בלאָזן די קוילן און ארויסצונעמען פונעם אש געבראָטענע קאר-
טאָפליעס.

פון יענע ייִדן, אזוי גייט ארום צווישן אוילעם א גאנץ אלטע
אגאדעטע [2], פון יענע ייִדן, וואָס שלוימע-האמעלעך האָט געשיקט
אפּ שיפן קיין אויפיר נאָך גאָלד און אנדערע מינע אויסלענדישע
סכוירעס, זענען א סאך, מאכמעס קאמע טײַמים [3], איבערגע-
בליבן דאָרט. זיי האָבן מיט דער צײַט געעפנט אין אינדיען זייער

---

1 דאָ געמיינט: נעמט זיך איבער. — 2 דאָ: א לעגענדע. — 3 געמיינט: פיל סיבעס.

טײַערע קלײטנ אי גרױסע קאָנטאָרנ, האָבנ געהױבנ בא די דאָרטיקע דײַטשנ שטארקע האקאָפּעס [1] אונ אלערלײ קאָמיסיעס, אונ דאָס מאזל האָט זײ א לאנגע צײַט שטארק געדינט. דערנאָכ אָבער האָט זיכ איבערגעדרײט דאָס רעדל אונ אונדזערע סאָבּרים האָבנ זיכ געשטעלט [2] אונ גענוזט אױקער זײַנ [3]. א טײל פֿונ זײ זענענ פארפאלנ געװאָרנ אינ דער מידבער, א טײל זענענ בעשאָלעמ אריבער די גרענעצ, האָבנ זיכ געזעצט אינ אָקרענטנ אונ געזעגלט אפּ דער פּיאטיגנילעװוקע, װאָס איז אינ יענער צײַט ארײַנגעפאלנ גלײַכ אינ יאמ ארײַנ. אזױ האָבנ זײ געזעגלט, געזעגלט, ביז פּלוצלימ איז אופגעשטאנענ א שרעקלעכער שטורעמ־װינט, די כװאליעס האָבנ זיכ אופגעהױבנ ביז דעמ הימל, האָבנ צעשלאָגנ די אָקרענטנ אונ ארופגעװאָרפנ די מענטשנ אפּנ ברעג. דאָרט האָבנ זײ אױסגעבױט א שטאָט אונ זי א נאָמענ געגעבנ גלופּסק.

די כױקרע־קאדמױנ:עס [4], װאָס קענענ מיט זײער גרױס כאָכמע מאכנ פֿונ א גאָרנישט א מושקאטקויל [5], האָבנ פֿונ דער דאָזיקער אגאדעטע געמאכט א גאנצנ פּײרעש אונ אױסגעדרונגענ מיט טױזנטער שארפע שפּיצלעכ, װי זײער שטײגער איז, אז דערינענ ליגט א שטיק עמעס. די רײַעס, װאָס זײ ברענגענ דערופּ, זענענ:

ערשטנס, דער פּאסאָנ פֿונ די הײַזער, װאָס איז עפּעס מעשונע־װילד, גאָר אפּ דעמ אלטנ שניט, װי מיט טױזנטער יאָר צוריק, אז מענטשנ זענענ נאָכ געזעסנ אינ געצעלטנ אונ זיכ געװאלגערט אינ לעכער. פּיל הײַזער זענענ דאָ אינ גלופּסק, װאָס זעענ בעעמעס אױס נאָר װי לעכער, אונ א סאכ האָבנ א פּאָנעמ װי די געצעלטנ פֿונעמ טאָטער. פֿונ זײער אָנבליק אונ פֿונ זײער

---

1 געמײנט: נעמענ סכײרע אפּ באָרג. — 2 אָנגעזוזצט; באנקראָטירט. — 3 אנטלױפֿנ. — 4 די אלטערטומ־פֿאָרשער. — 5 א יאָדער פֿונ א מושקאט־נוס.

שטײנ זעט אױס, װי זײ זענענ אײנער מיט דעמ אנדערנ עפּעס
נישט שאָװע־בעשאָװע [1]. דו שטײסט ארײַנגערוקט, װײל איכ
מיר שטײנ, דיר אפ צולאָכעס, ארױסגערוקט; דו שטײסט פּאָ־
פּערעק, אונ איכ װיל מיר שטײנ קאפױר; דו װילסט אינ דרױסנ
א טרעפּל, אונ איכ, דאפקע, א לײטערל, װער עס באדארפ, װעט
נישט קראנק זײַנ קלעטערנ. אונ אז דו האָסט שױנ יאָ עפּעס
מעשונע הױכ פאריסנ דײַנ פארלאטעט דעכל, נו, האלט איכ מיר
מײַנ דעכל דאפקע אראָפּגערוקט. געשמאיע דיר פארפול! װע־
מענ עס געפעלט נישט, לאָז זיכ צומאכנ די אױגנ... קורצ, דאָס
אלצדינג איז מעראמעז [2] אפּ אלטע, גאנצ אלטע צײַטנ. צװײטנס,
די מינהאָגימ פונ די אײַנװױנער. צװישנ זײ זעט מענ נאָכ אד־
הײַעמ אזעלכע מינהאָגימ, װאָס קומענ ארױס פונ די הײדנ [3],
צװישנ װעלכע זײ האָבנ אינ פריִערדיקע צײַטנ זיכ אופגעהאלטנ.
דער קסאװ אונ כאָכמאס־האכעשבנ [4] איז דאָרט נישט שעכיִעכ [5],
אזױ, אז אלע איניאָנײ־האקעהילע [6] אונ אלע כעװורעס דאָרט װערנ
געפירט אָנ ביכער, אונ די פירער ניבנ קײנעמ נישט אָפּ קײנ
כעשבנ.

דריטנס — די קיטעס, די מענטשנ טײלנ זיכ דאָ אױכ אינ
פארשײדענע קיטעס, װי אמאָל בא די אינדיִאנער. װי אשטײגער
די קיטע כאפּלאפּער, סאמע דער צימעס, װאָס געװעלטיקנ בעי־
יאָד־ראָמאָ [7]; די קיטע בלאטהאלטער, זאשטשיטניקעס, װאָס
האלטנ שטאָל־אונ־אײַזנ, קריגנ אונ שלאָגנ זיכ פאר די כאפּלא־
פּער מיט דעמ סױנע אונ נעמענ דערפאר בא זײ געװיסע זשא־
לאָװאניעס אונ אומזיסט פלײש; די קיטע װאכלאקלאקער, ארופּי־
רער אפּ א גליטש, אונ װאָס אלײנ דרײענ זײ זיכ אױס גלאט

1 קאָנענ צװישנ זיכ ניט דורכקומענ; הױזנ ניט. — 2 דײַט צָנ. — 3 געצנ־דינער. — 4 מאטעמאטיק. — 5 ניט פאראנ; מע טרעפט ניט. — 6 קעהילע־איניאָנימ. — 7 מיט א שטארקער האנט.

ווי אפּ טעלער. די דאָזיקע לײַט צעפּאַלן אַפּ קוימעמיִעס־זאָגער, וועלטלעכע מענטשן, וואָס האָבן צו זאָגן אין איניאָניי־האַמיס־כער [1], און אַפּ צוווּאַקאַנער, קליי־קוידעש, וואָס האָבן צו זאָגן אין איניאָניי־האָעמונע [2]; די קיטע גלופּאָ־טרוסאָ־בעזיאַזיקאָ־קאַב־צאַנער, דער פּראָסטער אָרעמער אוילעם, וואָס איז שטאַרק ניכ־נע די אַלע איבעריקע קיטעס און באַקומט פאַר זיי דאָס נײַניאָ־ריקע קאַדאָבעס.

הײַנט, פּערטנס, די מאַטבייע, וואָס מען האָט אַמאָל, בעשאַס גראָבנדיק די גרעבליע, דאָרט געפונענ. פון איין זײַט איז זי גע־ווען שטאַרק אָפּגעריבן, קוים־קוים וואָס מען האָט ארויסגעזען עפּעס ווי א שטיקל פּאַרטעכ, צוגעטשעפּעט צו א שטעקן, אונטן עפּעס פּאָכאָזשע אַפּ א מולטערל, פונוואַנען עס האָבן ארויסגע־שטעקט שטיקלעך קעפּ. פון דער אַנדערער זײַט איז די מאַטבייע געווען קימאַט גלאַט, נאַר אַז מען האָט זיך גוט צוגעקוקט, האָט מען דערקענט אַלטמאָדישע קסיוועטע אויסיִעס: „יאשלג וענפ". די געלערנטע האָבן אַפּ דער דאָזיקער אופשריפט זיך געבראָכן די קעפּ און אַרײַנגעלייגט דערינען פּשאָטים, איטלעכער אַפּ זײַן גאַנג. א טייל האָבן געהאַלטן אין דער סוזאַרע, אַז די י' און די נ' באַם אָנהייב און סאָפּ וואָרט „יאשלג" זענען נאָר נישט קיין אויסיעס, נאָר שטיקלעך פון טשאַטשקע־לעך, וואָס זענען פון דער צײַט אָפּגעריבן געוואָרן. בעכיין מאַכט עס: אשל [3] — א בוים, וענף [4] — און א צווײַג. און דאָס איז דער שטעקן מיט דעם פּאַרטעכ. ווידער א טייל האָבן עס דערקלערט גאַר אַנדערש, און די געלערנטע האָבן דערמיט מאַ־ריש־אוילעם געווען [5]. ביז דערנאָך איז געקומען איינער מיט אָפּע־

---

1 האַנדל־איניאָנים. — 2 רעליגיעזע איניאָנים. — 3 א יי ש ע ל. —4 וו ע אָ נ אָ פּ. —
5 אופגערודערט די וועלט; אָנגעמאַכט א ראַש.

נע אויגנ אונ האָט דערינענ דערזוענ נאָר ראָשע-טייוועס, וואָס זיי מאכנ: יהודי אופיר (אָדער אינדיאָ) שבאו לכאן (אָדער לק"ק) גלופסק ונתישבו על נהר פיאטיגנילעווקע[1]. דער שטעקנ מיט דעמ פארטעכ אונ מולטערל מיט די קעפ, דאָס באטײַט: אנ אָקרענט מיטנ זעגל אונ מיט פארשוינענ. דער דאָזיקער געלערנ-טער האָט איבער דעמ געמאכט זייער א דיקנ סייפער אונ ווענדט זיכ דאָרט צומ אוילעמ מיט א באקאָשע, אז מענ זאָל רייניקנ דעמ טײַכ, ווײַל מענ וועט דאָרט זיכער געפינענ א סאכ אלטע זאכנ, וואָס וואָלטנ געעפנט די אויגנ אינ דער כקירע מיקויעכ גלופס-קער יידנ. נאָר די דאָרטיקע אײַנוווינער שײַענ זיכ[2] אָבער אויס-צורייניקנ די בלאָטע אונ זאָגנ: דאָס, וואָס מענ האָט פונ אלטע צײַטנ אָנגעמאכט, דאָס מוז בלײַבנ, קיינ מענטשנס אויג טאָר אינ דעמ פארבאָרגעניש נישט ארײַנקוקנ...

אינ דער שטאָט אליינ געפינענ זיכ אקעגנ א דרײַסיק—פער-ציק לוזשעס, שוינ מיט לעוואדעס איניינעמ. זיי פארייניקנ זיכ דורכ היילנ מיט די אָפגרונטנ פונ דער פיאטיגנילעווקע, אונ אינ געוויסע צײַטנ, ביפראט נאָכ פאר א פאר-פייסעכ, צעשפילנ זיי זיכ שרעקלעכ שטארק אונ פארפלייצנ די גאסנ מיט אזא טיפער, שיטערער בלאָטע, אז בא די הויכ-געוואקסענע מענטשנ אפילע ווערט גייענדיק פארשלומפערט דאָס היטל. גלופסק ווערט אינ די פינצטערע נעכט באלײַכט פונ איינ קליינער לאמטערנע, זי ווערט אויכ באוואכט פונ א פאָר בודאָטשניקעס. פונדעסטוועגנ פאלט מענ דאָרטנ פאָרט בא דער נאכט אונ מענ ברעכט האלדז אי לײַב. אונ גנייוועס טרעפנ זיכ דאָרט אויכ זייער אָפט, כאָטש

[1] יעהודיי אויפיר (אָדער אינדיאָ) שעבאָו לעקאנ (אָדער לעקאק) גלופסק ווענישאוו אל נעהאר פיאטיגנילעווקע— די יידנ פונ אויפיר (אָדער אינדיע), וואָס זײַנענ געקומענ אהער (אָדער אינ דער הייליקער קעהילע) גלופסק אונ האָבנ זיכ באזעצט אפנ טײַכ פיאטיגנילעווקע.—

[2] האָבנ מוירע; מײַדנ אויס.

ס'איז דאָ אזא שמירע [1]. דערפון איז טאקע געדרונגען, אז מען קען זיך קלאל נישט איינהיטן, מען קען זיך נישט באוואָרענען, וואָס ס'איז באשערט דאָס איז באווערט. עס העלפן גאָרנישט דעם מענטשנס כאָכמעס מיט זיינע אלע טאכבולעס [2].

דערום, — זאָגט ביניאָמין, — באדארפן מיר צומאכן די אויגן און גיין טאָמיד אפ גאָטס באראָט, מיט דעם ביטאָכן, מיסטאָמע וועט ער זיינע מאלאָכים געביטן אונדז צו היטן און אפ די הענט אונדז צו טראָגן. עס פאלט נישט דער שפּאָן, ביז ס'איז עפּעס דראָן. באדארף מען מער, — זאָגט ער, — ווי איך האָב באוואָרנט מיין טאלעס- און טפילן-זאק. איך האָב אים אנידערגעלייגט אין בעסמעדרעש אפ דער פּאָליצע. וואָס קען שוין, דאכט זיך, זיין מער א זיכער אָרט ווי דאָ? פונדעסטוועגן, אז גאָט האָט נישט געוואָלט אָפּהיטן, האָט מען אים איניינעם מיט די איבעריקע אונדזערע זאכן פונדאנען אויך אוועקגעגאנ-וועט!"

1 א וואך. — 2 מיטלען, קליגענישן.





## דאָס עלפטע קאפּיטל

### כידושימ־וועניפלאָעס[1] אפּ דער פּיאטיגנילעווקע

אפּ דעם טײַכ פּיאטיגנילעווקע, אז אונדזערע פּארשווינענ האָבנ דאָס ערשטע מאָל א קוק געגעבנ, זענענ זיי ניוועהעל־אונישטוימעם געוואָרנ[2]. זיי האָבנ אזא מינ טײַכ נאָכ קיינמאָל אינ די אויגנ נישט געזענ. סענדערל האָט געזאָגט, דאָס מוז זײַנ אוואדע דער גרעסטער טײַכ אינ דער גאנצער וועלט. וואָרעמ אנדערש האָט אימ גאָר אינ קאָפּ זיכ נישט געלייגט. א קאטאָוועס אזא טײַכ, וואָס איז עפּשער א הונדערט מאָל גרעסער פונ טונעיאדעווקער. נאָר סענדערל איז געווענ א פּראָסט מענטשל, מער

1 געמיינט: גרויס ווונדער. — 2 דערשראָקנ און איבערראשט.

פונ טונעיאדעווקע האָט ער נישט געוווּסט. אינ די קליינע אוי-סיעלעכ אריַינקוקנ האָט ער נישט געקענט, דעריבער איז אלצ-דינג, וואָס נאָר עפּעס נישט אזוי ווי אינ טונעיאדעווקע, בא אימ געווענ א כידעש ניפלע, אונ פלעגט מיינענ, אז דערמיט עקט זיכ שוינ טאקע די וועלט. ביניאָמינ אָבער, וואָס פיל געלערנטער פונ אימ, וואָס האָט אינ זייַנע מינע כקירע-ספאָרימלעכ שוינ געכאפּט, ווי מענ זאָגט, א לעק פונ די שעווע-כאָכמעס, וואָס האָט געוווּסט א ביסל די באשרייַבונג פונ דעם גאנײדנ-האטאכטנ 1, פונ די מעשונע-ווילדע באשעפעניש אינ הינדיִאָ אוכדוימע נאָכ אזעלכע מינע זאכנ, האגאם ער פלעגט באם ערשטנ מאָל, אָנקוקנדיק עפּעס נייַעס, זיכ אויכ שטארק כידעשנ אינ הארצ, נאָר ער פלעגט דערבייַ מאכנ אזא מינע מיט א שמייכעלע, גלייַכ ווי איינער רעדט: עט, נארישקייַטנ, דאָס איז נאָכ גאָרנישט אקעגנ יענצ, וואָס איז נאָכ דאָ... ער האָט סענדערלענ באוויזנ, אז די פּיאטיגנילעווקע איז פּאָשעט בלאָטע, איכ בעט אייַכ איבער, טינעפ, אקעגנ דעם יארדנ, וואָס איז פיל מאָל גרעסער פונ איר, זי וואָלט דעם שויר-האבאָר 2 נישט געקלעקט אפילע אפ איינ צאָנ, אונ פונעם נאָמענ יארדנ טאקע איז אויכ אזוי די מאשמאָעס, וואָרעם יארדנ איז דאָכ דער טייַטש: א גוזמע, א סאכ, א יארדנ!

— ווייסטו, סענדערל, וואָס מיר איז אייַנגעפאלנ? — האָט ביניאָמינ געזאָגט נאָכ דעם, אז ער איז געשטאנענ איינמאָל שטארק פארטראכט לעבנ דער פּיאטיגנילעווקע. — מיר איז אייַנגעפאלנ צו לאָזנ זיכ פונדאנענ מיט דעם וואסער.

— גאָט איז מיט דיר! — האָט סענדערל זיכ א כאפּ געטאָנ פאר גרויס שרעק. — דערמאָנ זיכ נאָר, ביניאָמינ, אז אונדזער

1 דער אונטערשטער גאנײדנ (דער גאנײדנ אפ דער ערד, וואָס ווערט באשריבנ אינ דער ביבל). — 2 דער ווילדער אָקס — א לעגענדארע קאָלאָסאלע באשעפעניש.

טײַך נעמט אַלע יאָר צו אַ מענטשן, הײַנט מי־יעדײַע װיפל מענטשן מוז דער דאָזיקער טײַך אַ יאָר צונעמען. האָב ראַכמאָ־נעס אױף אונדזער לעבן, אױף דײַנע װײַב און קינדער, בינאָמין!

— ביטאָכן, ביטאָכן, סענדערל! ביטאָכן איז אַ ייִדישע זאַך, מיט ביטאָכן איז יאַנקעװ־אָװינו מיט זײַן שטעקל דעם יאַרדן איבערגעגאַנגען. מיט ביטאָכן, זעסטו, עפּענען דאָ ייִדישע קינ־דער אױף גרױסע געװעלבן. אַלצדינג, װאָס דו זעסט דאָ, איז אַלץ לױטער ביטאָכן. אַפּילע טרעפּ און סטעליעס, װי אױך פּיל גרױ־סע הײַזער, האַלטן זיך דאָ נאָר אױף ביטאָכן...

— נאָר פאַרװאָס װילסטו דאַפקע מיט דעם װאַסער, — האָט סענדערל געפרעגט, — אַז מיר קענען דאָס אײגענע אױך מיט דער יאַבאָשע?

— איך האָב דערױף אַ סאַך טײַמים, — האָט בינאָמין גע־ענטפערט. — אײנמאָל, װעט, װי מיר דאַכט זיך, די נעסיִע מיט דעם װאַסער זײַן אי נעענטער אי גיכער. מיר באַדאַרפן זען אָנקומען אַהין װי צום גיכסטן. װאָס פריִער איז אַלץ בעסער. פאַרװאָס? דאָס װײס איך שױן, דאָס איז שױן מײַן זאַך! מיך קװעטשט, סענדערל, מיך קװעטשט זײער שטאַרק, עס פּיקט מיך אָט דאָ, דאָ אין קאָפּ. איך װאָלט שױן געװאָלט דאָרט זײַן מיט לײַב־און־לעבן. װען עס זאָל מעגלעך זײַן, װאָלט איך װי אַ פױגל אין דער לופט אַהינצו געפלױגן... צװײטנס, אַז בינאָ־מין פון ט ו ד ע ל אָ האָט בעיאָמאָיו 1 זיך געלאָזט אױף זײַן נע־סיִע, איז ער טכילעס אױך געפאָרן מיט דעם טײַך ע ב ר אָ 2, אַזױ שטײט בעפירעש געשריבן אין זײַן סײפער. מיסטאָמע, אַז ער איז פאַרצײַטן געפאָרן מיט דעם טײַך און נישט מיט דער יאַ־באָשע, באַדאַרף דאָך טאַקע זײַן דאַפקע אַזױ און נישט אַנדערש.

---

1 אין זײַן צײַט. — 2 אַ טײַך אין שפּאַניע.

מיסטאָמע האָט ער געוווּסט, וואָס ער טוט, אונ איז אזויפיל קלוג געוועזנ ווי מיר אלע, כ׳לעבנ. רעב ביניאָמינ איז א קאדמענ[1], א פריערדיקער פאר אונדז, מוזנ מיר אימ הערנ גאָר אָנ קאשעס...

— אויב אזוי, — האָט סענדערל געמאכט, — איז שוינ טאקע רעכט. בא מיינ ייִדישקייט, ביניאָמינ! נישט נאָר אפנ טייכ, אפילע ווענ רעב ביניאָמינ וואָלט פארצייטנ געפאָרנ רייטנ-דיק אפ א קאָטשערע, וואָלטנ מיר דאָ נישט באדארפט לאנג טראכטנ, זיכ גענומענ אופגעזעצט אונ אויכ געפאָרנ אפ א קאָטשערע.

— אונ דריטנס, — איז ביניאָמינ אריינגעפאלנ סענדערלענ אינ די רייד, — שאָדט טאקע קלאל נישט, מיר זאָלנ זיכ גע-וווינענ צו פאָרנ מיט דעמ וואסער, איידער נאָכ עס וועט אונדז שפּעטער אויסקומענ צו פאָרנ אפנ יאמ אָקיאָנוס[2]. איכ וואָלט נאָכ אפילע געזאָגט, אז איידער מיר וועלנ זיכ אָפּפארטיקנ דאָ אינ גלופּסק, וואָלט, אָסער, גאָר נישט קרומ געוועזנ צו פרוּוונ גלאט אזוי דורכצופאָרנ זיכ א ביסל אפנ טייכ. דאָרטנ, דאָרטנ, זעסטו, שטייט איינער מיט א לאָדקע, אָט, כ׳לעבנ, לאָמיר צו-גיינ אונ אימ עפּעס געבנ, וועט ער מיט אונדז א ביסל פאָרנ.

אינ עטלעכע מינוט ארומ זענענ אונדזערע וואנדערער באהארצט אריינ אינ א לאָדקע אונ האָבנ זיכ געשיפט איבער די פיאטיגניל׳עווקע. טכילעס האָבנ זיי אפילע זיכ געשראָקנ. סענ-דערלענ האָט זיכ פארדרייט דער קאָפּ, אונ ער האָט געצאפּלט מיט הענט אונ פיס. אָט-אָט, האָט ער געמיינט, קערט זיכ די לאָד-קע אומ, אונ ער פאלט אריינ אינ די טיפע אָפּגרונטנ פונעמ טייכ. ס׳איז אנ עק פונ זיינ לעבנ, אונ זיינ ווייב

---

1 דזאַ: א פרעדיקער, פונ אנ עלטערנ דזאַר, הייסט דזאַס — אנ אויטאָריטעט, וואָס מע טאָר קעגנ אימ ניט שטרייטנ (לויט דער הערשנדיקער מיינונג פונ די ראַבאַנישע געלערנטע). — 2 דער אָקעאַנ.

בלײַבט אַן אײביקע אגונע. נאָר דערנאָך איז אים געוואָרן א ביסל בעסער.

— נישקאָשע, סענדערל, — האָט בינימין אים געטרייסט, אז זיי זענען ארויס אפן ברעג. — זאָל דיך נישט ארן, וואָס דער קאָפּ דרייט זיך און עס ווערט עפּעס נישט גוט. דאָס איז די יאַם־קראַנקייט, וואָס איטלעכער מוז זי לײַדן, אַז ער פאָרט דעם ערשטן מאָל אפן יאם. דעם צווייטן מאָל, וועסטו זען, וועט זײַן בעסער און דו וועסט שוין גאָרנישט פילן.

פון יענער זײַט אָן פלעגן אונדזערע פאַרשווינענע זייער אָפט פאָרן אפן טײַך און דערפון גרוים טײַנעג געהאט. זיי זענען בא זיך געוואָרן אזוי שטארק, אז איבערשיפן זיך דעם יאם, האָט זיך זיי געדאכט, איז א שפּיל.

בינימין פלעגט דורך סענדערלען זיך ארײַנלאָזן אין א שמועס מיט דעם לאָדאָטשניק און אים פארווארפן מיט שײַלעס, ווי אשטייגער: פרעג נאָר, סענדערל, דעם קאַפּיטאן, וויפל מײַל האָבן מיר פונדאנען ביז דעם יאם? פרעג אים, אויב ס'איז דאָ עפּעס וויספּעס? וואָס פאר א מינע לײַט וווינען דאָרט? צי ווינען צווישן זיי יידן? וועמען צאָלן זיי מאס [1], און צי וויסן זיי פון א גאָלעס? אָדער אשטייגער אזוי: פרעג, סענדערל, אפּ א ציקאווועשטש, דעם אָרל וועגן די בערג גיסבוינ און דעם קויפער אל טורעכ? צי ווייסט ער עפּעס מיקויעכ די אסערעס־האשוואָטים? א קאשע אפּ א מײַסע, עפשער האָט ער עפּעס געהערט. אוכדוימע נאָך און נאָך אזעלכע שײַלעס פלעגט אלץ בינימינ הייסן פרעגן.

נאָר דאָס ביסל גויִש, וואָס סענדערל האָט זיך אויסגעלערנט

1 צינז.

רעדן, גייענדיק מיט זײַן ווײַב טאָמיד אפּן מארק, איז קארג נע־ווענ פאר אזעלכע הויכע איניאָנים. דינגענ זיך פאר אייער, צי־בעלעס, קארטאָפל, דאָס האָט ער נאָך ווי־ס׳איז געקענט; אָבער אויסטײַנענ זיך מיט א קאפּיטאנ איבער געלערנטע זאכנ, דאָס האָט ער לאָכלוטנ נישט געקענט. ס׳איז געוועננ א צאר־באלעכאַים ווי סענדערל, נעבעך, פלעגט זיך מוטשענ אינ אזא שמועס. ער פלעגט רעדנ מיט הענט אונ מיט פיס, ארבעטנ אפּ אלע קיילים אונ אָפּגיינ מיט שוויס, אז איינ גאָט האָט געמעגט אפּ אים ראכמאָנעס האָבנ. זײַנ קאפּיטאנ פלעגט שפּײַענ, טײַנענ, אָנקוקנ אים בייז פונ איינ זײַט, אונ ביניאָמינ פלעגט אים דורענ א קריזש, שטורכענ אונ קוקנ אים אינ מויל ארײַנ פונ דער אנדע־רער זײַט.

— ווינ טשערוואָני זשידקי, ווינ פּיטאיע, — פלעגט סענ־דערל ארויסגיינ מיט אזא שפּראכע אשטייגער.

— איז טשערוואָני זשידקווו יא זנא לייבקו, שמולקו, באָ־גאטיע זשידקי, — אזא טשװוע פלעגט סענדערל באקומענ פונ זײַנ קאפּיטאנ.

— ני לייבקאָ, ני, ני! ווינ טשערוואָני זשידקי פּיטאיע, טא־מאָטשקא, ווי זאָגט מענ עפּעס, ני טאמאָטשקא, לעבנ בערגעלע גיסבוינ.

— גיסבאָנא, זשידקאָ, גיסבאָנא?

— זאָג אים, סענדערל, — פלעגט ביניאָמינ שרײַענ, — זאָגנ זאָלסטו אים, א בארג! מאָל אים אויס, ווי דו קענסט.

סענדערל פלעגט צונויפשטעלנ הויך די הענט, אויסצומאָלנ דערמיט א בערגעלע, אונ שרײַענ דערבײַ: העט, העט וויסאָקא!

— טפו! — פלעגט דער אָרל אויסשפּײַענ, אויסבאטלענ אפּ סענדערלענ באלייטעס אונ אים אָפּטייקנ צו אלדי שווארצע יאָר.

פון זײַנע נעסיעס אױף דער פּיאַטיגנילעװוקע דערציילט בּיניאָ־
מין כּידושים, װוּנדערלעכע זאַכן, װאָס האָבּן אין דער װעלט אַ
ראַש אָנגעמאַכט. מיר װעלן דערפון דאָ נאָר אַ מיקצעס [1] אַרױס־
שטעלן.

שיפנדיק זיך אײנמאָל אױף דער פּיאַטיגנילעװוקע, האָט בּיניאָ־
מין דאָרט דערזען אין דער מיט טײַך אַ גאַנץ גרױסן אָרט, װאָס
איז געװען גרין באַװאָקסן און מיט זײַן גרינקײַט די אױגן פאַר־
נומען. ער האָט געמײנט, דאָס איז אַ װיספּע, באַװאַקסן מיט
גראָז און מיט שמעקנדיקע קרײַטעכצער. אַז ער האָט אַרױסגע־
שטעלט אַ פוס און שױן געװאָלט אַ שפּרונג געבּן אױף דער װיס־
פּע, האָט דער קאַפּיטאַן פון דער לאָדקע אים פּלוצלים אַ כאַפּ
געטאָן פון הינטן מיט אַ געשרײ און אַ שלײַדער געגעבּן אים
צוריק אין דעם שיפעלע מיט דעם גאַנצן קױעך אַזױ, אַז ער
איז אַ היפּשע צײַט געבּליבּן ליגן שטאַרק פאַרדולט. ער האָט
מער נישט געהערט, װי אַרום דעם שיפעלע קאָכט, ראַשט זיך,
גלײַך װי עס ראַנגלט זיך מיט עפּעס, און עס גײט מיט גרױס מי
זײַן װעג. און אַז ער איז שפּעטער צו זיך געקומען, האָט אים דער
אָרל געזאָגט, ער איז געװען אין אַ גרױסער סאַקאָנע דערטרונ־
קען צו װערן אין דעם גרינקײַט. װאָרעם דאָס גרינקײַט איז
נישט קײן װיספּע, װי ער האָט געמײנט, נאָר דאָס איז גאָר דער
צוהױט, װאָס די פּיאַטיגנילעװוקע צװיטעט אַלע יאָר.

„איך אָבּער, אַזױ שרײַבּט בּיניאָמין, האָבּ מיך נישט געקענט
לאָזן אײַנרעדן, אַז דאָס זאָל זײַן צװיט. עמעס טאַקע, אַ רײעך
עפּעס האָט עס געהאַט, נאָר זינט איך לעבּ, האָבּ איך נישט גע־
הערט און אױך אין מײַנע ספאָרים נישט באַגעגנט, אַז װאַסער

[1] אַ בּיסעלע; אַ מינימום.

זאָל צוויטען. ווען עס זאָל צוויטען, וואָלט דאָך דערוף באַדאַרפט וואַקסן דערנאָך עפּעס א מין פּיירע. איך האַלט גאָר אין דער סוואָרע, אז דאָס איז דער מעשונע גרויסער יאַם-פּיש כ י ל יי נ אָ, פון וועלכן ס'איז דאָ זייער א שיינער שמועס אין דעם סייפער „צל עולם“ מיט די דאָזיקע ווערטער: „דער שרעקלעך גרויסער פּיש באַדעקט זיך מיט גראָז און מיט ערד, ביז ער זעט אויס ווי א גרויסע ווייספּע, און אַמאָל מיינען די, וואָס זעגלען אין יאַם, אז דאָס איז א שיינער באַרג, זיי שטעלן זיך דערויף, טוען, וואָס זיי באַדאַרפן, קאָכן מײַכאָלים, און אז דעם פּיש ווערט וואַרעם פון עם פײַער, טוקט ער זיך אונטער אין די אָפּגרונטן, און אלע, וואָס האָבן אפּ אים געלאַגערט, ווערן דערטרונקען.“ דערמיט טאַקע איז א שטאַרקע אײַזערנע רײַע צו יענע ווילדע כאַקראָנים, וואָס האַלטן, אז די גלופּסקער אײַנוווינער וואַקסן פון היגדיאָ. זעגלענדיק פון דאָרט איבער דער פּיאַטיגנילעווקע אין די אַלטע יאָרן, האָבן זיי מיט זיך פאַרשלעפּט דעם כ י ל יי-נ אָ, וואָס האַלט זיך אויף בעעמעס אין הינדיאָ און וואָס זײַן טעווע איז נאָכצולויפן נאָך די שיפן“.

אז בינימין האָט איינמאָל ארײַנגעקוקט אין טײַך, האָט ער דאָרט דערזען טיף אין וואַסער עפּעס מינע באַשעפעניש, אקוראַט גלײַך צו די געשטאַלטן פון ווײַבער.

„נאָך גאַנץ לאַנג, זאָגט בינימין, האָב איך געלייענט אין ספאָרים, אז אין וואַסער זענען דאָ יאַם-מענטשן. פון אַלטע עמעסע מענטשן, וואָס מען מעג זיי גלייבן אפן וואָרט, האָב איך אויך געהערט דערציילנדיק, אז זיי האָבן אליין געזען אַזעל-כע יאַם-מענטשן בא קאָמעדיאַנטן, וואָס פלעגן געוויינטלעך נאָך דער קאָמעדיע זיי ווײַזן יעדערן פאַר עטלעכע גראָשן. נאָר הײַנט האָב איך עס דערלעבט צו זען מיט מײַנע אייגענע אויגן. איך האָב מיט גרויס ווונדער געוויזן דערויף דעם אָרל, און ער האָט

מיר געוויזן אפּ עפּעס פּראטשקעס, וואָס זענען געשטאַנען באַם ברעג טײַך און געוואַשן גרעט. איך ווײַז אים אונטן אין וואַסער, און ער ווײַזט מיר אויבן אַפן ברעג. און ווײַל מיר האָבן איינער דעם אַנדערנס לאָשן נישט פאַרשטאַנען, האָט ער ניט געוווּסט, וואָס איך ווײַז אים, און איך האָב ניט געוווּסט, וואָס ער ווײַזט מיר, און איך האָב פון אים מיקויעך דעם גאָרנישט געקענט דערגיין."

נישט ווײַט פונעם ברעג לעבן דער שטאָט האָט בּיניאָמין געזען אַזאַ אָרט אינ טײַך, וווּ דאָס וואַסער איז מעשונע געדיכט, ערטערווײַז איז עס פאַרגליווערט עפּעס נאָר ווי דרילעס, און ערטערווײַז איז דאָס וואַסער נאָך געדיכטער. פון דעם דאָזיקן וואַסער פירן די וואַסערפירער צו די באַלעבאַטים אין די הײַזער. דאָרט ווערן די געדיכטע דרילעס צעפּירט מיט פראָסט וואַסער אין דער פאַס און מען קאָכט דערמיט אַלע מײַכאָלים.

„איך אַליין, זאָגט בּיניאָמין, האָב דאָס געקעכץ פון אַזאַ וואַסער געגעסן, איך זאָל אַזוי עסן פון דער סודע שעל־ליוויאָסן [1]. עס האָט געהאַט דעם זיבעטן טאַם. אַ ראָסלפלייש דערפון איז אַ מײַכל־מעלאָכים. איך האָב אָנגעלייגט מיט דעם וואַסער פולע קעשענעס און געהייסן סענדערלען מאַכן דערפון אַ פּעקל, מאַכעס אַפּ אונדזער ווײַטער נעסיִע אין יאַמים און אין מידבּאָריעס קען עס זייער גוט צוניץ קומען."

לוסטיק און פריילעך זענען איינמאָל נאָך מיטיק אונדזערע פאַרשווינענע געגאַנגען נישט ווײַט פון דער שטאָט, האָבן געלאַכט, געשפּאַסט, געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַרײַן און

---

1 דער מאָלצײַט פונעם מיטאָלאָגישן קאָלאָסאַלן פיש, וואָס גאָט וועט מאַכן פאַר די צאַדיקים, ווען מאָשיעך וועט קומען (אַ רעליגיעזע פאָרשטעלונג).

עפּעס זייער שטאַרק האַנאָע געהאַט. עס האָט אויסגעזען נאָר ווי א פאַרליבט פּאָרפאָלק באַלד נאָך דער כאַסענע, וואָס שפּאַצירט זיך פרייַ אַפ דעם גרינעם גראָז און קוויקט זיך מיט איטלעכם וואָרט, מיט איטלעכן קוק. נאָר וואָס זשע איז מיט אונדזערע פאַרשווינען עפּעס אַזוי די סימכע געוועזן? פּאָרט, וואָס האָט זיי עפּעס אַזוינס מעשונע האַנאָע געטאָן, אַזש זיי האָבן געשפּרונגען, אונטערגעזונגען און געמאַכט אָנשטעלן ווי די ריינע מעשוגענע? אָט וואָס, ראַבויסים: בעלי־נעדער [1] מאָרגן, איז בא זיי ביידע געבליבן, צו פאַרלאָזן גלופּסק און אין א גוטער שאָ צו זעגלען העט אהין...

און ווי זיי גייען זיך דאָ אַזוי לעבעדיק־פריילעך, קומט זיי אונטער פּלוצלים א פורל. אַפן וואָגן זיצן צוויי ייִדלעך, איינער טרייַבט אָן, און דער אַנדערער זיצט אָנגעבויגן אַפ דער זייַט. דאָס היטל איז אים פאַרוקט, און האַלט אין מויל א שטרייַעלע, — זייער גוטע סימאָנים, אַז דאָס ייִדישע קעפּל טראַכט דענסטמאָל עפּעס אַן אויבער־האַסבאָרעלע [2] און דרייט זיך מעשונע שטאַרק.

די צוויי ייִדן האָבן אָנגעקוקט אונדזערע לוסטיקע פאַרשווינען, זיי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און זיך אַרייַנגעלאָזט דערנאָך מיט זיי אין א שמועס. די ערשטע שייַלע איז, ווי דער שטייגער איז, געווען: פונוואַנען זענען עס ייִדן? דערנאָך — מאַ־שמייכעם? און דערנאָך דאָס איבעריקע צעטל שייַלעס, וואָס ייִדן פרעגן געוויינטלעך איינער דעם אַנדערן באַם ערשטן באַגעגעניש. מער האָבן אונדזערע פאַרשווינען נישט באַדאַרפט. זיי האָבן געעפנט א מויל און זיך גענומען דערציילן אַלצדינג, ווי

---

1 געמיינט: ניט געמענדיק אַפ זיך קיין ניידער, אַז עס מוז אַזוי זייַן; ניט געבנדיק קיין וואָרט (א באַוואָרעניש, ווען פרומע לייַט ריידן וועגן צוקונפט־פּלענער). — 2 א שפּיצל.

מענ זאָגט: וואָס אפּ דער לונג — דאָס אפּ דער צונג. די ייִדנ האָבנ זיך אָנגעקוקט מיט א שמייכעלע, זיך געשושקעט א ביסל, אונ דער ייִד מיטנ פּאָרוקט היטל אי מיט דעמ שטרייעלע אינ מויל האָט דערבײַ געמאכט: — עט, נישקאָשע, עס וועט אָפּלויפנ, נאָר אינ ערגסטנ פאל איז נאָך עטלעכע מאמטאקימ[1]...

— ווייסט איר וואָס? — האָבנ די ייִדנ צומ סאָפ זיך אָנגערופנ. — אונדזער שטאָט מעג, כ׳לעבנ, אויך די זכיִע האָבנ צו זענ בא זיך אזעלכע צוויי פײַנע מענטשנ. מיר בעטנ אײַך זייער שיינ, אָט, כ׳לעבנ, טוט אונדז אָנ דעמ קאָוועד אונ זעצט זיך, זײַט מויכל, באלד טאקע מיט אונדז אופ, נישט לאנג געטײַנעט! מיר זענענ אײַך אָרעוו, אז מענ וועט אײַך בא אונדז זייער שיינ צונעמענ, מיט עסנ, מיט טרינקענ אונ מיט וואָס נאָר מעגלעך.

— מיר וואָלטנ עס אײַך, בענעמאָנעס, צוליב געטאָנ, — האָט ביניאָמינ געענטפערט, — נאָר בא אונדז איז געבליבנ, מאָרגנ, בעלי-נעדער, פונדאנענ זיך צו לאָזנ מיט דעמ וואסער.

— האָט נישט קיינ פאריבל, — האָבנ די ייִדנ געזאָגט, — איר רעדט, כ׳לעבנ, נארישקײַטנ. אויך מיר א וואסער די פּיאטיגנילעוועקע! זי איז, מעכילע, א פּיש-גריבל, א טינעפ, א פאר-שטונקענע בלאָטע, א פארצוויטעטע, פארשימלטע לוזשע. בא אונדז האָט איר דעמ דניעפּער, וואָס פאלט גלײַך אינ יאמ ארײַנ. פונ אונדז וועט איר טאקע, אימ-ייִרצע-האשעמ, גיך אונ געשווינד קומענ אהינ אינ אײַער רו ארײַנ. אקשנט זיך נישט, כ׳לעבנ, היידא ארופ אפנ וואָגנ.

[1] דאָ געמיינט: געלט.

— וואָס זאָגסטו, סענדערל? — האָט בינימין זיך אָנגע־רופֿן. — לאָמיר עפּשער טאַקע די ייִדן צוליב טאָן און פֿאָרן?

— וואָס פֿאַר אַ דייַגע איך האָב, — האָט סענדערל געענט־פֿערט, — אַז דו ווילסט פֿאָרן, זאָל זייַן פֿאָרן.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג, זענען אונדזערע פּאַרשוינען שוין געזעסן אין וואָגן שטאַרק צופֿרידן אויף דעם קאָוועד, וואָס מען פֿאַרבעט זיי צוגאַסט, און האָבן זיך פֿירגעשטעלט גדו־לעם[1]. אַ וועג האָבן זיי געהאַט זייער אַ פֿרייַלעכן. די ייִדן האָבן אויף זיי געהאַט אַן אויג און פּאָשעט געהיט זייער טריט, האָבן זיי צוגעפֿילעוועט מיט עסן און טרינקען אַזוי ווי אַ קימפּעטאָרן. אונדזערע פּאַרשוינען האָט זיך אַזוינס אין זייער לעבן נישט גע־כאָלעמט.

אויף דעם צווייטן טאָג פֿאַרנאַכט זענען זיי אָנגעקו־מען בעשאָלעם קיין דניעפּראָוויץ. די ייִדן זענען מיט זיי פֿאַרפֿאָרן אויף אַ סטאַנציע און געטאַכט פֿאַר זיי אַ גוטע וועטשערע.

— הייַנט זענט איר פֿון אַ וועג מיד, שלעפּעריק, — האָבן די ייִדן געזאָגט, — בעסער איז גלייַכער, איר זאָלט זיך לייגן פּאַרפּרי אויסרוען. מאָרגן, אים־ירצע־האַשעם, אַז איר וועט אויפֿ־שטיין געזונט, פֿריש און שטאַרק, וועלן מיר אייַך פֿירן צו עטלעכע גרויסע לייַט, פֿאַרוואָרפֿן פֿאַר אייַך אַ גוט וואָרט, און אַז זיי וועלן אייַך אופֿנעמען, זענט איר שוין פֿאַרזאָרגט מיט אַלע אייַערע היצטאַרכעס און וועט קענען גיך און באַלד מאַכן אייַער ווייַטע נעסיִע. אַ גוטע נאַכט!

---

1 דאָ געמיינט: גליקן.

— א גוטע נאכט, א גוט יאָר! — האָבן אונדזערע פאַרשוי־
נען געענטפערט, באלד טאקע האָבן זיי אָפּגעלייענט קרישמע, זיך
געגלעט א ביסל דעם בייַכל, געגענעצט, געקראצט זיך, ווי
דער שטייגער איז, און זיך געלייגט מיט א פריילעך געמיט
שלאָפן.





## דאָס צוועלפטע קאַפּיטל

## ווי מען פירט אונדזערע פאַרשווינען אין באָד

— גוואַלד, ווידוי [1], כאָטש אָפּזאָגן ווידוי! — האָט סענדערל פונעם שלאָף נישט מיט זײַן קאָל געשריגן און אויפגעוועקט מיט זײַן געשריי בינאָמינען.

בינאָמין איז נישט טויט, נישט לעבעדיק אַראָפּגעשפּרונגען פון זײַן געלעגער, האָט אין דער גיך אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און איז צוגעלאָפן צו סענדערלען זען, וואָס טוט זיך מיט אים אַזוינס.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן צו שײַנען אויפן טאָג, און אומעטום איז געווען שטיל, מען האָט נאָר געהערט אַ כראָפּען פֿון

[1] טפילעס, וואָס רעליגיעזע מענטשן זאָגן פאַרן טויט — זיי זײַנען זיך מודה אין זייערע זינד און בעטן, גאָט זאָל זיי מוחל זײַן.

שלאָפנדיקע מענטשנ אינ דעמ גאַנצנ שטוב. איטלעכער האָט געכראָפּעט אפ זײַנ שטייגער: דער אפ א קאָל פונ א באַנדורע, יענער אפ טרומייט, איינער האָט עס געמאַכט שטיל בעקיצער, דער אנדערער האָט עס געצויגנ העכער, העכער אפ דרײַ גאָרנ, דערנאָכ אויסגעלאָזט מיט א דריי, מיט א בייזער, ווי איינער פרעגט א שטאַרקע קאַשע, אונ צוגעפּויקט מיט די באַקנ. איניי-נעמ איז עס געווענ א נאָזנ-קאָנצערט, אינ וועלכנ די נעזער האָבנ געטרײַ געאַרבעט אפ אַלע קײלימ אונ צוגעשפּילט לעקאָוועד די באַרימטע דניעפּראָוויצער וואַנצנ, בעשאס זיי האָבנ געשמאַק גע-געסנ די שלאָפנדיקע אונ געטרונקענ זייער בלוט — ייִדיש בלוט!

דניעפּראָוויצ האָט א לאַנגע צײַט געפּאַשעט אירע וואַנצנ, אירע מענטשנ-פרעסער דאָרט אינ דער שרעקלעכער פּאָדוועריע[1], אינ דער וויסטער אָפּגעזונדערטער ייִדישער אכסאַניע. ווי א וואַנצ אינ עפּעס א קוואַרטאַל איז אַלצ אהינצו געקראָכנ אונ געזויגנ, געצאַפּט ייִדיש בלוט...

קומענדיק קיינ דניעפּראָוויצ, איז שוינ א ייִד מוכנ-אומזו-מענ געווענ[2], אז ס'וועט אימ קאָסטנ א ביסל בלוט, אונ אָנ אזא כאַבאַר איז גאָר קיינ סוואָרע נישט זיכ אויסצודרייענ. בײַס שוינ, בײַס, דו „דניעפּראָוועצק", שטינק שוינ, שטינק, דו ווענ-צעלע, שרײַב שוינ, שרײַב דײַנע בלוטיקע צייכנס, אונ טראָג זיכ, גיי דיר צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

— וואָס שרײַסטו אזוי, סענדערל? — האָט ביניאָמינ אימ געפרעגט, צוגייענדיק צו זײַנ געלעגער. — אוואַדע א וואַנצ האָט דיכ געמוזט שטאַרק א ביס טאָנ? א שרעק, וויפל דאָ איז וואַנצנ. זיי האָבנ א גאַנצע נאַכט מיכ נישט געלאָזט אַנ אויג צומאַכנ. ערשט נישט לאַנג, וואָס איכ בינ אַנשלאָפנ געוואָרנ.

1 אײַנפאָר-הויז. — 2 געווענ גרייט.

— איַי, איַי, גיכער, לאָמיר גיכער אַנטלויפֿן! — האָט סענ־
דערל געשריגן נאָך אַלץ פֿאַרדולט.

— גאָט איז מיט דיר, סענדערל! וואָס רעדסטו? טײַלע, מאַ־
ראַש, אַז אַ וואַנץ גיט אַ ביס? דערױף איז זי דאָך אַ וואַנץ, און
דו ביסט אַ מענטש...

סענדערל האָט אַקעגן אַ פּאָר מינוט אָנגעקוקט בּיניאָמינען
ווי צעמישט, דערנאָך זיך אויסגעריבן די אויגן און געזאָגט מיט
אַ זיפֿץ:

— אוי, עס האָט מיר זיך געכאָלעמט זײ־ער אַ שרעקלעכער
כאָלעם! האַלעוואַי דערפֿון זאָל זיך גאָרנישט אויסלאָזן.

— עט, מאַלע וואָס אַ מענטשן כאָלעמט זיך אַמאָל, —
האָט בּיניאָמין געמאַכט. — מיר האָט זיך היַינט אויך געכאָ־
לעמט, עפּעס אַ פּיפּערנאָטער קומט צו מיר געשווינד צו, קוקט
מיך שטאַרק אָן און זאָגט צו מיר: איר זענט עס רעב בּיניאָ־
מין פֿון טונעיאַדעווקע? קומט, זײַט מויכל, מיט מיר אַהין,
אַלעקסאַנדער מוקדן שטייט דאָרט מיט זײַן כאַיל און כאַלעשט
מיט אײַך זיך צו באַקענען. איך גיב מיך אַ לאָז, דער פּיפּערנאָ־
טער לויפֿט פֿאָרויס, איך נאָך אים. „איר לויפֿט, אָן אײַנהאָרע,
געשווינד, ווי אַ פֿײַל אויסן בויגן, איך קען אײַך נאָר נישט
אָניאָגן“, הער איך עמעצן שרײַענדיק הינטער מיר. איך קער
מיך אום און דערזע אַלעקסאַנדער מוקדן. אַדוני מעלעך![1] שרײַ
איך, כאַפּ אים בײַ דער האַנט, קוועטש און קוועטש. עס פֿאַר־
גייט מיר אָבער פּלוצלים אין דער נאָז עפּעס אַ מין שרעקלעכער
געשטאַנק, טאַקע נאָר צום כאַלעשן. איך כאַפּ מיך אויף און פֿיל
אין דער האַנט אַ צעקוועטשטע וואַנץ... טפֿו זאָל עס ווערן!

---

1 הער קיניג.

אַט שפּײַ, כ'לעבן, דרײַ מאָל אויס, סענדערל, און פֿאַרגעס דײַן כאָלעם. וואָס האָט דיר אַזעלכעס געכאָלעמט?

— טפו, טפו, טפו! — האָט סענדערל ביטמימעס דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן און דערציילט זײַן כאָלעם:

— מיר האָט זיך געכאָלעמט, ווי איך גיי מיר גלאַט אַזוי אַף דער גאַס און פֿאַרגיי מיר העט־ווײַט. פּלוצלים גיט מען מיך פֿון הינטן אַ כאַפּ און מען וואַרפֿט מיך אין אַ זאַק אַרײַן, מען טראָגט מיך אַזוי אין דעם זאַק, מען טראָגט מיך, טראָגט, ביז מען האָט מיך ערגעץ עפּעס פֿאַרטראָגן. איך פֿיל, ווי עמעצער בינדט דעם זאַק אויף און דערלאַנגט מיר אַ פּאַטש, טאַקע וואָס אַ פּאַטש הייסט, אַז צוויי ציין זענען מיר אַרויסגעפֿאַלן. דאָס האָסטו דיר ערשט אַן אַדערופּ, הער איך, ווי מען זאָגט, אײַנגאַנצן וועל איך דיר סילעקן שפּעטער. איך גיב אַ בליק, מײַן ווײַב אין אַ ספּאָדעק שטייט מיר אַקעגן שטאַרק אין קאַס, די אויגן ברענען איר ווי אַ העליש פֿײַער און פֿונעם מויל זעצט איר אַרויס אַ שוים. „וואַרט נאָר אַ ביסל, וואַרט, טאַכשיט[1] מײַנער, זאָגט זי מיט אַ בייזן געלעכטער, איך וועל גיין נעמען די קאַטשערע און דיר ווײַזן, וואָס פֿאַר אַ גאָט מיר האָבן." ווי זי גייט נעמען די קאָטשערע, אַז מײַנער כאַפּט די פֿיס אַף די פּלייצעס און אַוועק, אַוועק, אַוועק. איך לויף, איך לויף און קום צו לויפֿן אין עפּעס אַ קרעטשמע. אין דער קרעטשמע איז פֿינצטער, גלימטשיק, נישטאָ קיין נעפֿעש. איך לייג מיך אין אַ ווינקל, מאַך צו די אויגן און שלאָף. ווי איך שלאָף, קומט דער זיידע רעב סענדערל, אָלעוו־האַשאָלעם, צו מיר צו גיין, זייער אומעטיק, מיט פֿאַרוויינטע אויגן, און זאָגט: „סענדערל מײַן קינד, שלאָף נישט! ווי גאָט איז דיר ליב, סענדערל, שטיי אויף, סענדערל,

---

1. צירונג (אַן איראָנישער אויסדרוק).

און לויף פונדאנענ אוועק! אוועק, סענדערל, וואוהין די אויגנ טראָגנ, דו ביסט אינ א סאקאָנע!" איכ וויל אופשטיינ, אָבער איכ קענ מיכ נישט רירנ, גלײַכ ווי מענ האלט מיכ צו. איכ נעמ מיכ צומ קאָפּ און טאפּ אפּ מיר אָנ עפּעס א קאָפּקע [1]. הע-הע, איכ בינ גאָר נישט סענדערל, איכ בינ, מעכילע, גאָר א ייִדענע, אָנ א סימענ באָרד, טראָג עפּעס א מינ יופּע און מײַנ בויכ, מײַנ בויכ, נישט פאר קיינ ייִדנ גערעכט, טוט מיר שרעקלעכ וויי! „נישקאָשע, רופט איינער עפּעס זיכ אָנ, בא אנ ערשטלינג גייט עס טאָמיד א ביסל שווער צו." אוי, פעטער, פעטער! שרײַ איכ אינ איינ אָטעמ, ס'איז גאָר ניט פאר מײַנע קויכעס, אָט, אָט פאל איכ כאלאָשעס. „א קולאק אינ דער פּאָטיליצע איז דערצו זייער א גוטע סגולע, דערמיט קענ איכ דיכ מינטערנ", זאָגט דער פעטער, און לאָזט מיר טאקע אראָפּ עטלעכע קולאקעס. „נא דיר פאר פרזער, פאר אצינד אי פאר שפּעטער," — מאכט ער דערבײַ, דרייט זיכ אומ און ווערט פארשוואונדנ. איכ ליג אינ איינע צאָרעס, ליג און ליג, ביז גאָט העלפט מיר, איכ גיב מיכ א רימ מיט גוואלד און שטיי אופ. איכ לויף צו גיכ צו דער טיר, זי איז פארשפּארט, איכ קלאפּ, קלאפּ און קלאפּ, — אומזיסט די מי. פלוצלימ שפּרינגט די טיר זיכ אופ, און ווי איכ שטעל ארויס א פוס, כאפּנ מיכ גאזלאָנימ און פירנ מיכ אוועק עפּעס אינ א הייל. דאָרט נעמענ זיי ארויס א כאלעפּ און ווילנ מיכ קוילענ. ווי זיי האלטנ דעמ כאלעפּ מיר אפּנ האלדז, שרײַ איכ: גוואלד! לאָזט מיכ כאָטש אָפּזאָגנ ווידע! אָט דאָס האָסטו דיר, בינימינ, מײַנ כאָלעמ. האלעוואַי, ער זאָל זײַנ צו גוטנ.

— שפּײַ אויס, סענדערל, נאָכ דרײַ מאָל, — האָט בינימינ אימ אנ אייצע געגעבנ, — און שלאָג דיר דײַנ כאָלעמ פּו-

[1] א פרוייִש קאָפּ-הײַבל.

נעמנ קאָפּ ארויס. איבעריקנס, אויב דו ווילסט, שטיי אופּ, ס'איז שוינ טאָג, אונ זאָג עטלעכע קאַפּיטל טילימ.

סענדערל איז מיט א זיפצ אראָפּ פונ זײַנ געלעגער, האָט אָפּגעגאָסנ נעגלוואסער, אָנגעטאָנ זײַנ כאלאטל אונ ארויסבאקומענ זײַנ טילימ איוורע=טײַטש. עס האָט זיכ אופגעמישט דאָס צענטע קאַפּיטל, בא וועלכנ ער האָט געהאלטנ, אונ ער האָט מיט אנ אומעטיקנ ניגנ אָנגעהויבנ:

וואָס שטייסטו, גאָט, פונווײַטנ,
פארבאָרגסט זיכ אינ שלעכטע צײַטנ?

זײַנ ניגנדל איז געוואָרנ טרויעריקער אונ רירנדיקער ווײַטער א ביסל בא די דאָזיקע פסוקימ:

ער זיצט אינ ערגעצ א פארטײַעט אָרט,
אינ שטילנ טייט ער דעמ ערלעכנ דאָרט.
די אויגנ דרייענ אימ זיכ הינ אי צוריק,
אפנ אָרעמענ האָבנ זיי א שטארקנ קוק.
ווי א לייב אינ זײַנ נאָרע לויערט אויכ ער,
ער לויערט צו כאפּנ דעמ אָרעמענ אהער.
דערלאנגט דעמ אָרעמענ שוינ טאקע א כאפּ
אבי מיט זײַנ נעצ א צי נאָר, א קלאפּ.

אז סענדערל האָט אָפּגעזאָגט טילימ, איז שוינ געוואָרנ רעכט טאָג. אלע מענטשנ אינ שטוב זענענ שוינ אופגעשטאנענ. א גרויסער סאמאָוואר ווי א קעסל האָט שטארק געקאָכט אפנ טיש, אונ דער אוילעמ האָט געטרונקענ טיי. ביניאָמינענ אונ סענדערלענ האָט מענ אויכ געגעבנ צו גלעזלעכ ווארעמס. זיי האָבנ א ביסל זיכ דערפרישט אונ פריילעכער געוואָרנ.

די שטוב, וואָס פריִער א ביסל איז זי געווענ א ספּאלניע, דערנאָכ א טשײַנע, איז פלוצלימ געוואָרנ א קלײַזל. עס האָבנ

זיך פאַרקאַטשעט אַרבל, זיך אַנטפּלעקט נאַקעטע ייִדישע אָרעמס: רוויכיקע, גלאַטע, דאַרע, פעטע, שוואַרצע, ווײַסע, טונקעליע, פון אַלערליי קאָלירן און געשטאַלטן. איטלעכער איז אַרײַן אין טאַלעס־און־טפילן און גענעבן אַ דאַוון.

אונדזערע צוויי ייִדן האָבן גענאַוונט געשמאַק, זיך געפּיעס־טעט, געקרימט, געמאַכט כײַנדלעך און פּיסקעלעך, ווי עמעס צעבראָכענע ייִדן. זיי האָבן אָוועקגעטײַנעט מיטן ריבוינע־שעל־אוילעם אַלץ: טאַטעניו! פּאָטערוניו! און שׂיִעס געמאַכט אין דאַוונען מער פון אַלע אַנדערע. נאָכן דאַוונען האָבן זיי גענו־מען צו קעלישקעלעך שליש, אַ זופּ געטאָן פריִער, זיך פּאָס־מאַקעוועט, און אויף דער נאָז זענען אַרויסגעטראָטן רויט-גלאַנצ־דיקע ווײַמפּערלעך. דערנאָך האָבן זיי געמאַכט צום גאַנצן עוי־לעם: לעכאַיִם, לעכאַיִם! און צוגעווינטשעוועט: דער אייבערש־טער זאָל שוין ראַכמאָנעס האָבן אויפן גאַנצן קלאַל־ייִסראָעל, נע־בעך! האָבן פאַרגלאָצט דערבײַ די אויגן, געטאָן אַ שטילן זיפץ און אַרײַנגעגאָסן אין זיך דאָס קעלישעקל. אַ סימען, דאָס זע־נען געווען נישט קיין פּראָסטע ייִדן, נאָר פרומע, קאָשערע, שיי־נע ייִדן.

איינער פון די דאָזיקע שיינע ייִדן איז דערווײַל אָוועקגעגאַנ־גען אין דער שטאָט און האָט זיך דאָרט פאַרזאַמט אַקעגן אַ פּאָר שאָ. אַז ער איז צוריק געקומען, האָט דער כאַוועד זײַנער אים אַרײַנגעקוקט אין פּאָנעם, וואָס האָט באַשײַמפּערלעך גע־לויכט, און ביידע זענען געווען זייער צופרידן. זיי האָבן געהייסן גרייטן צום טיש, זיך געגאַנגען וואַשן און איבערגעקוקט פריִער די קוואָרט, ווי דער שטייגער איז פון שיינע ייִדן, האָבן געבעטן אונדזערע פאַרשוינען זאָלן אויך זיך וואַשן און מויכל זײַן זעצן זיך מיט זיי אינאיינעם עפּעס איבערצובײַסן. באַם טיש זענען זיי געווען לוסטיק, האָבן געלויבט די באַלעבאָסטע פאַר אירע

גוטע מייַכאָלים און מעשונע פון איר האנאָע געהאט. זיי האָבן זיך ארייַנגעלאָזט אין א שמועס, גערעדט מיקויעך דעם קלאל ייִדן, ווי ס'איז שוין טאקע צייַט, זיי זאָלן, נעבעך, אופגעריכט ווערן. פארוואָס קומט אזא פאָלק, אזא טייַער פאָלק זאָל, נעבעך, אזוי פארשווארצט ווערן? זיי האָבן זיך צעלאָזט אין די שוואָכים פון די קנעסעס-ייִסראָעל [1], געלויבט אין טאָג ארייַן דאָס ייִדיש קעפל.

— וואָס קענען דען ייִדן נישט? אלע כאָכמעס פון דער וועלט, ווי דער טעלעגראף, אייַזנבאן און נאָך אזעלכע זאכענישן, געפינט מען נאָך גאנץ לאנג בא ייִדן. נאָר דאָס אלצדינג אָבער איז נאָך פון די קלייניקייַטן, דער איקער איז גאָר עפעס אנדערש, דאָס פינטעלע, דאָס פינטעלע, אָט וואָס דער איקער איז!..

זיי האָבן זיך ארופגעכאפט אף די אפיקאָרסים, אף די הייַנטיקע מאָדנע געלערנטע, פארשאָלטן זיי דאָס געביין, געשפיגן קלעק אף זיי אינגאנצן און אף די שקאָלעס, וואָס מען לערנט דאָרט טרייף-פאָסל [2] אָן א היטל.

— באלד וועט טאקע זייַן א פיירעק מישנייַעס א רענדל, און א פראָשעניע אָנשרייַבן — א גילדן. אוי, איז הייַנט א וועלט, א שיינע וועלט, כ'לעבן!..

אזוי האָבן זיי אלץ גערעדט און זענען איבערגעגאנגען דערפון אף א שמועס מיקויעך דער נעסיִע פון אונדזערע פארשוינען.

— מיר ווינטשן אייַך, — האָבן זיי געזאָגט, — האשעם-ייִסבאָרעך זאָל כעסער [3] טאָן און מעמאלע זייַן [4] דאָס אלצדינג, וואָס מיר באגערן אין אייַך צו זען.

1 געמיינט: דאָס ייִדישע פאָלק. — 2 געמיינט: זאכן, וואָס זייַנען פארבאָטן פון רעליגיעזן שטאנדפונקט. — 3 גנאָד. — 4 דאָ געמיינט: אויספילן; פארווירקלעכן.

ביניאָמין איז געווען אף דעם זיבעטן הימל פון אזא בראָכע. דערצו איז ער נאָך געווען, ווי זאָגט מען עפּעס, א ביסל פאַרלעקט. ער האָט געעפנט א מויל און גערעדט פאר פיַיער אי פאר וואסער.

— ווייסט איר וואָס, רעב ביניאָמין, רעב סענדערל? — האָבן די ייִדן געזאָגט צעצויגן, נאָך דעם, אז זיי האָבן זיך אופּגעהויבן פונעם טיש.—מיר וועלן זיך נויהעג זיַין[1] בעפּאשטעס[2], ווי פּראָסטע ייִדן, אזוי ווי אונדזערע עלטערן האָבן זיך נויהעג געווען. נאָך א וועג וועלן מיר זיך אלע גיין אין מערכעצ[3] אריַין, צעפּארען די ביינער. איר וועט זיך מעגן דאָרט אָפּשערן אָדער אָפּגאָלן, איר וועט, כ'לעבן, ווערן גאָר אנדערע מענטשן. און נאָכן מערכעצ וועלן מיר זיך נעמען צו אונדזערע אסאָקים. אזוי טאקע, בענעמאָנעס, אזוי וועט בעפּאשטעס טאקע זיַין גוט. ס'איז עפּשער א ביסל נישט הייַנטמאָדיש, בא די אפּיקאָרסים מעג זיך א מערכעצ אויסקומען עפּעס ניט שיין, נאָר מיר זענען אָבער נישט קיין געבולבעטע, אָט לאָמיר זיך נויהעג זיַין ווי אונדזערע זיידעס פארציַיטן!

פון א מערכעצ זאָגט זיך א ייִד קיינמאָל נישט אָפּ. דאָס, וואָס א שענק פאר די פּויערן, א טיַיכל פאר גענדז און קאטשקעס, דאָס איז אין הונדערט גראדן נאָך מער די באָד פאר א ייִדן. דעם טאם, וואָס א ייִד פילט אין א באָד, קען עס קיין אומע-וועלאָשן[4] גאָר נישט פילן. די באָד האָט בא אים א גרויס שיַיכעס מיט זיַין רעליגיע, מיט זיַינע אינווייניקסטע געפילן און מיט זיַין סעמיינעם לעבן. קיין ייִדישע נעשאָמע רירט זיך נישט פונעם הימל אריַינצוקריכן ערגעץ אין א בויך, מען קען זי נישט נעמען, איַינבעטן דורך קיין שום זאך, סיַידן נאָר דורך א באָד.

---

זיך אופירן. — 2 פּאָשעט; פּראָסט. — 3 באָד. — 4 געמיינט: קיין פאָלק.

דאָ איז די גלאוונע אגענטסטווע, די צענטראלנע קאָנטאָר צווישנ דעמ הימל מיט דער ערד. איידער א ייִד ווערט נאָכ געבוירנ, איידער נאָכ עס ווארפט זיכ אינ אימ אנ אייווער, ווייסט מענ שוינ פונ אימ אינ דער דאָזיקער קאָנטאָר פונעמ בעדער מיט דער בעדערקע ביז דער טוקערקע [1] אונ דער ביטלמאכערנ. די נעשאָמע־יעסיירע [2] שאבעס אונ יאָמטעוו פילט אינ זיכ נישט אזוי א ייִד, ווענ ער שווענקט זיכ פריִער נישט אָפּ אינ באָד. אָנ דעמ איז ער עפּעס אלט־געבאקנ, נישט פריש. קוקט אָנ א ייִדנ פרייַטיק קומענדיק פונעמ מערכעצ, ער בליט, ער איז ייִנגער מיט עטלעכע יאָר, דער ייִדישער פונק ברענט אינ אימ אונ לייַכט ארויס פונ זייַנע אויגנ, אלע זייַנע געפילנ זענענ עפּעס שארפער, פרישער, דער רייעכ פונ די געפילטע פיש אי פונ דעמ אייַנגעפריִעטנ צימעס פארגייענ אימ ווי קטוירעס [3] אינ דער נאָז. זי שמעקט, שמאָרעט אונ איז מעקאבל־טייַנעג [4]. עס זינגט זיכ אימ עפּעס אפנ הארצ, ער גיט קאָנצערט אינ טראָפּ, קנאקט ווי א סאָלאָוויי שיר־האשירימ, צעפּעסטעט זיכ דאָרט ווי א קינד, צעפלאקערט זיכ, צעהיצט זיכ אונ איז האלב אפ יענעמ אוילעמ...

אינ באָד קומט א ייִד ווי אינ א פּאָטערלאנד, ווי אינ א פרייַער מעדינע, ווו איטלעכער האָט א גלייַכע דייע, ווו עס שטייט פאר אימ פרייַ צו דערגרייכנ גלייַכ מיט אנדערע א הויכע שטופּע — ארופקריכנ אפ דער אייבערשטער באנק, דערמונטערנ זייַנ פארומערטע נעשאָמע, כאָטש אפ א שאָ אויסגלייַכנ זייַנע

---

1 א פרוי, וואָס באַדינט די ווייַבער, וועלכע גייענ זיכ אָפּטוקנ אינ מיקווע (א וואסער־באסיינ צוליב ריטועלע צוועקנ). — 2 די צוגאָב־נעשאָמע, וואָס, לויט דער רעליגיעזער פאָרשטעלונג, באקומט קלוימערשט א ייִד שאבעס אונ יאָמטעוו. — 3 געמיינט: דער רייעכ פונעמ געווירצנ־געמיש (קטוירעס), וואָס מע פלעגט רייכערנ פאר גאָט אינ בייס־האמיקדאָש. — 4 באקומט פארגעניגנ.

ביינער און אראָפּוואַרפֿן פֿון זיך זייַן פּעקל דייַגעס און יעסורים. אָט וואָס א באָד איז בא יידן!

דעריבער איז דער פּלאַן פֿון אין מערכעצ גיין אונדזערע פֿאַרשוינענע געוועזן שטאַרק לעראָצנ[1]. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין גרויסע האַבאָנעס[2], און אין עטלעכע מינוט אַרום זענען זיי שוין געגאַנגען מיט די צוויי שיינע יידן.

אונדזערע פֿאַרשוינענע האָבן זיך פֿירגעשטעלט א באָד, ווי געוויינטלעך א מערכעצ איז אין די יידישע שטעטלעך, עפּעס א מין ביניען, שוואַרץ, פֿאַרשמירט פֿון דרויסן, באַרג־אַראָפּ ערגעץ אין א העק, מיט א שווערן צוטריט אַהינצו אַפֿ שמאָלע צעבראָ־כענע קלאַדקעס. און אַז די יידן זענען צוגעקומען צו א שיינעם דרייַגאָרנדיקן מויער, סאַמע אין דער מיט גאַס, און געזאָגט: „אָט דאָס איז די באָד", האָבן זיי פֿאַריסן די אויגן און געקוקט שרעקלעך פֿאַרוווּנדערט.

— איר זענט נאָך טאַקע גאָר עמעסע פּריצנ, — האָבן די יידן פֿון זיי געשפּאַסט, — קומט, זייט מויכל, אַרייַן אינווייניק, וועט איר נאָך עפּעס שענערס זען.

אַרייַנקומענדיק אין דער פּערעדניע, האָט אונדזערע פֿאַר־שוינענע פֿאַרשייַנט אין די אויגן דער געמאָלטער פּאָל מיט די אויסגעשפּרייטע סטעזשקעס. עס האָט זיי זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי זענען אין דעם פֿאַרצויבערטן שלאָס, וואָס אין „באָווע־מייַ־סע" און אין „טויזנט מיט איין נאַכט". באַלד וועלן פּרינצעסנס, באָס־מאַלקעס זיי מעקאַבל־פּאָנעם זייַן, זיי וועלן זיך דאָ וויל טאָן און לעבן, אַפֿ וואָס די וועלט שטייט. נאָר אָנשטאָט די באָס־מאַלקעס איז צוגעגאַנגען צו זיי א סאָלדאַט מיט אייבעלעך[3] און האָט שיין־פֿייַן זיי געלאָזט בעטן זיך אויסצוטאָן.

---

1 געמיינט: צום האַרצן. — 2 צוגרייטונגען. — 3 מעדאַלן.

— טוט זיך, זײַט מוחל, אויס, — האָבן די שיינע ייִדן צו זיי געזאָגט, — מיר וועלן דערוויַיל אַריַינגיין אהין באַצאָלן באַד־געלט. נישקאָשע, איר וועט דאָ האָבן אַ גוט שוויצבעדל.

אַז אונדזערע פּאַרשוינען האָבן זיך אויסגעטאָן, האָבן זיי פּאַרנומען זייער פּעקל זאַכן, ווי דער שטייגער איז, אויסצו־פּרודזען עס. קיין טוץ העמדער האָט אין זייער גאַרדעראָבע זיך נישט געפונען. זיי האָבן אוועקגעטראָגן אַ העמד עטלעכע וואָכן. עס פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט זיי, נעבעך, געביסן, און דאָס פּרודזען איז זיי געווען טאַקע נייטיק אין לעבן אַריַין. נאָר דער סאָלדאַט האָט בײַ זיי אוועקגענומען די זאַכן און זיי אַריַינ־געפירט אין אַ קיידער אַריַין. דער קיידער איז געווען אויסגעצ־מעבלט מיט בענקלעך, אַרום אַ גרויסן טיש זענען דאָרט אויף שטולן געזעסן מענטשן פֿײַן אָנגעטאָן. אונדזערע פּאַרשוינען האָבן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן, זיי איז שטאַרק קאָשע געווען, ווו גיסט מען דאָ אויף שטיין און ווו וועלן זיי דאָ שוויצן?

— צי טוט זשידאָווסקי באַניאַ? — האָט סענדערל אַ פֿרעג געטאָן נאָך דעם, אַז בינימין האָט אים אַ שטורך געגעבן און אים געהייסן נישט מאַכן דאָ קיין פיל שמועס און פֿרעגן.

איינער פֿון די לײַט, וואָס אַרום טיש, איז צוגעגאַנגען, האָט אָנגעקוקט אונדזערע נאַקעטע פּאַרשוינען, וואָס זענען, נעבעך, געווען דאַר, אויסגעדייווערט, אָן אַ לויט פֿלייש, נאָר הויט און ביין, און געמאַכט מיט זיי עפּעס אַ שמועס אויף מאָסקאָוויטעריש [1].

— הא, וואָס זאָגט ער דאָ עפּעס, סענדערל? — האָט בינימין געפרעגט.

— איך זאָל דאָס אָנהייבן פאַרשטיין אַ וואָרט! — האָט סענ־

1 געמיינט: אויף רוסיש.

דערל געענטפערט און געמאכט מיט די אקסלען. — נאט אײַך, מישטיינס־געזאָגט, א לאָשן! עפּעס זאָגט ער אלץ: בילעט, בילעט.

— א־א, נארעלע, — האָט ביניאָמין זיך אָנגערופן, — וואָס פארשטייסטו דאָ נישט, נארעלע? דאָס איז דער בעדער, ער פּאָדערט בא אונדז א בילעט, וואָרעם אין אזא באָד מוז מען גיין אפ בילעטן. זאָג אים, אז די ייִדן האָבן שוין דאָך דאָ פריִער באצאָלט פאר אונדזערע בילעטן.

— יאק זשע, פּאני, טייע זשידקי אָווזשע דאלי טוטעטשקא זא... זא... — האָט סענדערל א רעד געגעבן און איז פּלוצלים געבליבן ווי דערוואָרגן, נישט געקענט אויספירן, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן.

— זא בילעט, פּאני, סטײַטש, זשידקי, לעהאוודל, פּאני, זאפּלאטיל! — איז ביניאָמין ארויס אפ זײַן לאָשן און האָט דערקלערט די זאך גאנץ קלאָר, קורץ און שארף.

דער דאָזיקער מענטש, וואָס איז פריִער צוגעגאנגען צו אונדזערע פארשוינען, האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט, און מען האָט זיי באלד ארײַנגעפירט ווײַטער אין א כיידער, וואָס דאָרט איז מען, קעפּי זייער מיינונג, מעכײַעוו געווען, אפּאָנעם, צו שוויצן געשמאק...

אז מען האָט ביניאָמינען און סענדערלען שפּעטער א ביסל מיט א צײַט ארויסגעפירט אפ דער גאס, איז שווער געווען זיי צו דערקענען, אזוי פארענדערט זענען זיי, נעבעך, געוואָרן: אָפּגעגאָלט פון פּאָרנט, אָן בערד, אָן פּייעס, די אויגן פארדרייט, נאָר גלעזערנע, אפ דעם שטערן קאלטע גרויסע טראָפּן שווייס, א וואָלקן, א כמארע אפן גאנצן פּאָנעם, אײַנגעגנורעט, אײַנגעהויקערט, מיט א דראָזש איבער דעם גאנצן לײַב, און ארום זיי סאָלדאטן.

אפן הימל האָט זיך אָנגערוקט א שווארצע פינצטערע כמארע.

א בליץ האָט מיטאמאָל באלייַכטעט די דאָזיקע קאָמפּאניע. באלד דערופֿ האָט א דונער געגעבן שרעקלעך שטארק, אז אלץ זענען פארציטערט געוואָרן. עס האָט זיך אופגעהויבן א שטורעם־ווינט, רעדלעך שטויב האָבן זיך געטראָגן ווי די רוכעס, פארכאפּט אפּן וועג מיסט, שטרוי, בלעטלעך אי שטיקלעך פּאַפּיר. אלע אינייינעם האָבן געטאנצט עפּעס א מעשוגענעם טאנץ און זיך געדרייט, געדרייט אלץ אינ דער הייך ארופֿ, ארופֿ... די טשערעדע פונעם פעלד איז געלאָפּן אומרויִק מיט א געשריי און א רעווען, ווי א סטייַע הונגעריקע וועלפֿ וואָלטן זי נאָכגעיאָגט. עס האָט געשטורעמט, געבליצט, געדונערט, גלייַך ווי דער אייבערשטער איז שטארק אופגעבראכט געוואָרן אפּ דער זינדיקער ערד און אפּ אלצדינג, וואָס דאָ גייט פֿיר. ער האָט זיך אָנגעכאפּט באם קאָפּ, געבליצט מיט זייַנע צאָרנדיקע אויגן, געהילכט און געשריגן: איַי, איַי! מיט זייַן דונערדיקן קאָל. עס האָט צום לעצט א זעץ געטאָן מעשונע א שרעקלעכער דונער, פון הימל האָט אראָפּגעקאפּעט ווי טרערן גרויסע טראָפּנס רעגן, וואָס אינ זיי האָבן זיך אויסגעמישט טראָפּן נויט־שוויים און בלוטיקע טרערן פון אונדזערע בידנע, אומגליקלעכע פארשוינען...

אך, ביניאָמין און סענדערל האָבן גאָר ניט געוווּסט, אז נישט דאפּקע אינ דער מידבער איז א סאקאָנע צו רייַזן מאכמעס די ווילדע שלעק, ענדעשן, פּיפּערנאָטערן און כייַעס־ראָעס, וואָס דאָרט, נאָר דאָ, אינ די מעקוימעס, דאָ איז ערשט די גרעסטע סאקאָנע! יענע צייַט, ווען אונדזערע פארשוינען האָבן געוואנדרעוועט, איז געווען די שווערע, פינצטערע, ביטערע צייַט — די צייַט, ווען איינ ייִד האָט געזוכט צו דערטאפּן דעם אנדערן און

ווי א לייב אינ זייַן נאָרע געלויערט האָט אויך ער,
געלויערט צו כאפּן דעם בעזפּאספּאָרטנע אהער

און אים אָפּגעבנ פאר א פּוימענע [1], א קאָרבנ פאר זײַנע, אָדער פאר יענעמס קינדער! אכ, אונדזערע פּארשוינענ, נעבעכ, האָבנ נישט געוווּסט, אז זיי געפינענ זיכ שוינ טאקע אינ דער מידבער, צווישנ ווילדע באשעפעניש אי כײַעס-ראָעם, און די צוויי שיינע, קאָשערע ייִדנ זענענ גאָר פּיפּערנאָטערנ!

---

1 א געכאפּטער; אזא, וואָס מע האָט אימ אָנ קיינ שומ רעכט דערופּ געכאפּט און אָפּגעגעבנ פאר א רעקרוט.





## דאָס דרײַצנטע קאַפּיטל

## זעלנער זענען, נעבעך, אונדזער־ע נויסים געוואָרן

איטלעכער קען זיך מעשאער זײַן די שלעכטע לאגע פון
אונדזערע בידנע פאַרשוינען, ווי פינצטער און ביטער זיי איז,
נעבעך, געווען. מיר פאַרשפּאָרן עס צו שילדערן.
די ערשטע צײַט זענען זיי געווען ווי צעמישט און האָבן לאב-
לוטן נישט פאַרשטאַנען, וואָס מיט זיי טוט זיך אַזוינס. א־צדינג
איז פאַר זיי געווען פרעמד, אי די סבאָרנע, אי די סאָלדאַטן, אי דער
לאָשן, און די אַלע זאַכן, וואָס מען האָט זיי געהייסן טאָן. דער ש-
נעל איז אף זיי געהאַנגען ווי א טאָרבע, ער האָט אויסגעזען טאַקע
נאָר ווי א יופּע, און דאָס היטל, מישטיינס-געזאָגט, איז געלעגן

אפ זייער קאָפּ נאָר ווי א קאָפּקע. אָנקוקנדיק זיי, האָט זיך גע-
דאכט, עפּעס איז עס אינגאנצן נאָר אן אָנשטעל, עפּעס האָבן
צוויי ייִדן זיך פארשטעלט און מאכן כּויזעק פון די אַלע זעל-
נער, קרימענ[ען] זיי זיך נאָך און ווייַזן פאר איטלעכן גאַנץ פרייַ,
ווי נאריש, מישטיינס-געזאָגט, זיי אלע זענען מיט זייער אלצ-
מיט-אנאנדער. אז אָכ-און-וויי צום ביקס, נעבעך, וואָס ער איז
אַרייַנגעפאלן צו אונדזערע פארשווינען. בא זיי אין די הענט
האָט ער גאָר ניט געהאט דאָס פּאָנעם, אקוראט ווי א קאָטשערע
אין די הענט פון א מאנצבל, וואָס פּאָרעט זיך אין קיך באם
פּריפּעטשעק. בא דער אוטשעניע פלעגן זיי אָפּארבעטן אזעלכע
שטוקעס מיט די הענטלעך און די פיסלעך, אז ס'איז געווען
נאָר א ריינע קאָמעדיע.

אין קלעפּ, פארשטייט זיך, זענען זיי ניט זשעדנע געווען,
נאָר ווו איז דען, זאָגט מען, אין דער וועלט עפּעס א צאָרע, וואָס
דער מענטש זאָל מיט איר נישט געוווינט ווערן? נישט נאָר
דער מענטש, אפילע אנדערע באשעפעניש ווערן אויך געוווינט.
באדארפ מען מער פרייַ ווי א פויגל איז, פונדעסטוועגן, אז מען
פאנגט אים און מע זעצט אים אַרייַן אין א שטייַגעלע, גע-
וווינט ער זיך צוביסלעך, הייבט אָן צו פּיקן זערנע מיט אפּעטיט,
שפּרינגט און זינגט פריילעכע לידער, גלייַך ווי די גאנצע וועלט
מיט אירע פעלדער און וועלדער איז פאר אים דאָ אין דעם ענגן
שטייַגעלע. אונדזער סענדערל האָט ווייַטער-ווייַטער טאקע אָנ-
געהויבן מיט זייַן לאגע זיך צוגעוווינען, פלעגט זיך גוט צוקוקן
צום מושטיר פון די זעלנער און פרוּוון נאָכמאכן זייערע אלע
שטוקעס אפ זייַן שטייגער. ס'איז געווען א פרייד צוצוזען, ווי
סענדערל פלעגט אָפּט פאר זיך אליין איבערכאזערן דעם מו-
שטיר, זיך אויסציִען גלייַך ווי א סטרונקע, פארייַסן דאָס קעפּל,
אָנבלאָזן די פּיסקלעך ווי א גיבער, הייבן פיסלעך און גיין א

מארש נאָר טאקע ווי אן אָנגעבלאָזענער אינדיק, פלעגט זיך דרייען, דרייען, און לעסאָף פארפלאָנטען די פיסלעך און פאלן. נאָר אקעגן זשע בעניאָמין אָבער, ער האָט מיט אזעלכע זאכן בעשום־אויפן נישט געקענט זיך געוווינען, ער איז געוועזן בעטע־ווע איינער פון יענע מינע פייגל, וואָס הייסן וואנדער־פייגל, דאָס הייסט אזעלכע, וואָס זייער טעווע איז אלע יאָר סאָף זומער אוועקצופליען און איבערווינטערן דאָרט אין די ווייטע ווארעמע מעקוימעס. די טעווע צו וואנדערעווען מאַכט אזא מין פויגל אזוי שטארק, אז בעיִמ מען האלט אים דענסטמאָל געפאנגען אין א שטייגל, איז אים נישט ניכע דאָס לעבן. ער עסט נישט, טרינקט נישט, ער דראפעט זיך אף די גלייכע ווענט און זוכט ע־גע־צ עפּעס א שפּאלט אנטרונען צו ווערן. די נעסיִע אהין אין יענע ווייטע מעקוימעס, וואָס האָט ווי א זלידנע זיך איינגעגעסן אין בעניאָמינס קאָפּ, וואָס איז אים געוואָרן די צווייטע נאטור, וואָס צוליב איר האָט ער אוועקגעוואָרפן ווייב און קינדער — די דאָ־זיקע נעסיִע האָט אים נישט געלאָזט רוען קיין רעגע, האָט אים געבוירערט, געפּיקט דעם קאָפּ, זי האָט אין אים געבודטשעט און אלץ געשריגן: בעניאָמין, גיי ווייטער! גיי ווייטער, ווייטער! דערווייל איז אוועקגעגאנגען אזוי דער ווינטער, און אונדזער בעניאָמין, נעבעך, האָט זיך שטארק געמוטשעט.

איינמאָל אין א שיינעם טאָג נאָך פּייסעך, אז סענדערל האָט בינו לבין עצמו [1] זיך געמושטירט, איז בעניאָמין צו אים צוגע־גאנגען מיט אזא שמועס:

— כ׳לעבן, סענדערל, דו ביסט א יִינגל! דו שפּילסט זיך און מאכסט עפּעס אזעלכע קונצן ווי א קונדעס. וואָס קען דערפון, איך בעט דיך, דער טאכלעס זיין? פארגעס נאָר נישט, אז דו

---

1 בּיינוי־לעביינ־אצמוי — פאר זיך אליינ.

ביסט, באָרעכ־האשעם, א באוויַיבטער, דערצו נאָכ אויכ עפּעס א ייִד. הייַנט, צו וואָס פארנעמסטו זיכ מיט אזעלכע זאכענישן און לייגסט דערינענ דעם גאנצנ קאָפּ דייַנעם אריַינ? לעמיַי־נאפּקע־מינע, ציִ מיט דער לינקער ציִ מיט דער רעכטער פוס קרוגאָם, ווי זיי רופנ עס דאָרט עפּעס, וואָס מאכט עס אויס?

— ווייס איכ? — האָט סענדערל געענטפערט, — מענ הייסט קרוגאָם, זאָל זייַנ קרוגאָם, וואָס פאר א דייַגע איכ האָב.

— און אונדזער נעסיִע, זאָג נאָר, האָסטו שוינ פארגעסנ? גוואלד, אונדזער נעסיִע, אונדזער נעסיִע אהינ, אהינ... לינדנ־וואָרעם, מויל־אייזל, פּיפּערנאָטער! — האָט ביניאָמינ גערעדט צעקאָכט.

— מארש, מארש, מארש! — האָט סענדערל געמאכט און געהויבנ פּיסלעכ.

— אז אָכ־און־ווי צו דיר, סענדערל, און צו דייַנ מארש! פע, מעגסט זיכ, כ׳לעבנ, שעמענ! זאָג מיר נאָר בעסער, קונדעס איינער, ווען מיר מאכנ אונדזער נעסיִע?

— פונ מיַינעטוועגנ, אָכ! — האָט סענדערל געענטפערט, — אבי מענ וועט אונדז נאָר לאָזנ.

— וואָס טויגנ מיר זיי, און וואָס באדארפנ זיי אונדז האָבנ? — האָט ביניאָמינ זיכ אָנגערופנ. — אדעראבע, סענדערל, זאָג אליינ, בא דייַנ ייִדישקייַט, אז בעיִמ דער סוינע זאָל, כאס־וועשאָלעם, קומענ, וועלנ דענ אזעלכע צוויי אירע, ווי מיר, זיכ קענענ שטעלנ אימ אנטקעגנ? און אז דו וועסט אימ טויזנט מאָל זאָגנ: „גיי דיר אוועק, עלע ניט מאכ איכ פוי־פוי!“ וועט ער דענ דיכ הערנ? פארקערט, ער וועט דיכ נאָר אָנכאפּנ, און דייַנ גליק וועט זייַנ, אז דו וועסט לעבעדיק פונ זייַנע הענט ארויס. גלייב מיר, כ׳לעבנ, ווי איכ זע, זענענ מיר דאָ אינגאנצנ איבעריק, זיי

וואָלטן גערן געווען אונדזערער פּאַטער צו ווערן. איך האָב אַליין געהערט, ווי דער עלטסטער האָט זיך איינמאָל אויסגע־דריקט, אז מיר זענען טאקע נאָר אן אָנשיקעניש, ווען עס זאָל אין אים געווענדט זײַן, וואָלט ער אונדז שוין לאנג ארויסגע־טריבן צו אלדי שווארצע יאָר. און בעעמעס טאקע, וואָס טויגן מיר זיי? איך זאָג דיר, סענדערל, בעפּיירעש, אז דאָס איז גאָר לעכאטכילע געווען א קרומע זאך, נישט קיין גלײַכער שידעך. מיר טויגן זיי נישט, און זיי טויגן אונדז נישט. די יידן, וואָס האָבן אונדז אין זייערע הענט ארײַנגעגעבן, האָבן זיכער געמוזט זיי דערציילן אף אונדז, אז מיר זענען ווילדע גיבוירים און קענען טאכסיסיי־מילכאָמע 1, טאקע וואָס קענען הייסט. מיילע, וואָס זענען מיר שולדיק, אז די יידן האָבן זיי אָפּגענארט? לעמיי, אונדז האָבן די יידן אויך מיעס אָפּגענארט. מיר זענען דאָך נאָר מיט דער דייע אהער געקומען עפּעס צונויפצומאכן און לאָזן זיך ווײַטער אין וועג ארײַן. פון טאכסיסיי־מילכאָמע איז קלאָר קיין מעדובאָר 2 נישט געווען. איך וועל שווערן אפילע אין טאַ־לעס און קיטל, אז דערפון האָט מען אפילע נישט מאזקיר גע־ווען 3. גלאט כאפּעניש־גילטעניש איז דאָך פּאָשעט שוין קיין יוי־שער נישט, הערט דאָך שוין טאקע אוף אלצדינג! קורץ, זיי זענען ניט שולדיק, וואָס מען האָט אונדז אָפּגענארט, און מיר זענען אויך ניט שולדיק, וואָס מען האָט זיי אָפּגענארט. שולדיק זענען דאָ נאָר די יידן, די ליגנער, די קאָלבויניקעס, וואָס האָבן ביידע צדאָדים אָפּגעליגנערט. די יידן, סענדערל, די יידן — זיי אליין זענען דאָ טאקע אינגאנצן שולדיק, קיינעם בארארף מען אין דער זאך ניט באשולדיקן, נאָר די יידן, די יידן און נאָכאמאָל די יידן!..

---

1 קריג־טאקטיק. — 2 גאָר קיין רייד ניט געווען. — 3 ניט דערמאָנט.

— מיילע, וואָס ווילסטו, בינימין, זאָלן מיר טאָן? — האָט סענדערל געפרעגט.

— איך וויל, — האָט בינימין געענטפערט, — מיר זאָלן זיך לאָזן ווײַטער אפֿ אונדזער נעסיִע. אוים קאלע און ווײַטער א מויד! מיר דאכט זיך, אז קיינער וועט אונדז דאָס נישט פֿאַרווערן, הענ אלפי דינ וועהענ אלפי יוישער[1] טאָר קיינער נישט אונדז פֿארהאלטנ. איי וואָס, דו האָסט מוירע, טאָמער וועט מען אונדז פאָרט נישט לאָזנ, איז דערצו א פּראָסטע טרופּע, מיר זאָלנ פונדאנענ שטילערהייט אוועקגיינ. ווער עס ווייסט ווי איז דאָס בא אונדז צו וויסנ? געזעגענענ באדארפנ מיר מיט קיינעם נישט.

— איך מיינ אויך אזוי, אז געזעגענענ זיך איז אנ איבעריקע זאכ, — האָט סענדערל געמאכט, — לעהיי[2], אז מיר זענענ פֿאראיאָרנ אוועקגעגאנגענ פונ דער היימ און קיינעם, נישט אפֿילע ווײַב און קינדער, נישט געזאָגט כאָטש נא... טעבי!

פונ דעם דאָזיקנ שמועס אָנ האָבנ אונדזערע פֿארשוינענ אָנגעהויבנ טראכטנ ווידער פונ זייער נעסיִע און זיך אלצ מעיאשעװ געוועזנ ווי צו מאכנ פלייטע. אינ בינימינענ האָבנ זיך שטארק צעשפּילט די געבליטנ, ער איז געוועזנ שרעקלעכ אומרויִק און ארומגעפּאדעט צעקאָכט ווי א הונ, וואָס וויל, אינ וועסנע, זיך זעצנ אפֿ אייער. ער איז געוועזנ אזוי פֿארטיפֿט אינ זײַנע געדאנקענ, אז ער האָט נישט געהערט, נישט געזענ, וואָס ארום אים טוט זיך. איז פֿארבײַ אים דורכגעגאנגענ עפּעס אנ עלטסטער, האָט ער מאכמעס צעטראָגנקײַט נישט אראָפּגענומענ דאָס היטל; ער האָט געכאפּט א פּאטש אָדער א זעצ אינ דער פּאָטיליצע, האָט ער אפֿילע זיך נישט פֿארקרימט, גלײַכ ווי נישט אים מיינט

1 סײַ לויטנ געזעצ און סײַ לויט דער גערעכטיקײַט. — 2 זאָל זײַנ.

מענ; האָט מענ צו אימ געערדט עפּעס אינ איניאָניי-האמושטיר [1], איז אימ נישט אריַינ אפילע אינ דער לינקער פּייע. ער האָט געהערט דאָס אוכדוימע אזעלכע זאכנ אקוראט ווי אינ טשערנאָ-וויצ די מעגילע. ער האָט אינ זינענ געהאט נישט מער ווי די נע-סיִע, אונ דער קאָפּ זײַנער איז געפלויגנ וויַיט, וויַיט!

איינמאָל שפּעט בא דער נאכט, אז אלע זעלנער אינ דער קאזארמע האָבנ געשמאק געשלאָפנ, איז ביניאָמינ אפ די שפּיצ פינגער צוגעגאנגענ צו סענדערלס געלעגער.

— סענדערל, דו ביסט פארטיק? — האָט ביניאָמינ שטילער-הייט געפרעגט.

סענדערל האָט א שאָקל געטאָנ מיט דעמ קאָפּ, אָנגענומענ ביניאָמינענ פאר דער פּאָלע אונ זײַנענ ביידע שא-קיטש ארויס-געגאנגענ אפנ הויף.

אינ דרויסנ האָט געבלאָזנ א ווארעמ ווינטל, שטיקער שווארצע אי ברוינ-בלויע וואָלקנס האָבנ זיכ געטראָגנ אינ דער הייכ אונ זיכ געצויגנ איינע נאָכ די אנדערע, גליַיכ ווי טויזנטער טשומאקעס גייענ דאָרט מיט אָנגעלאָדענע פורנ סכוירעס אונ יאָגנ זיכ באציַיטנס אָנצוקומענ אינ הימל אפ דעמ יאריד. די לעוואָנע איז ווי א פּריקאשטשיק אויכ געגאנגענ מיט דעמ דאָ-זיקנ מעשונע-לאנגנ צוג, פלעגט אפ א מינוט נאָר ארויסשטעקנ דעמ קאָפּ, א קוק טאָנ, וואָס טוט זיכ אינ דרויסנ, דערנאָכ וויַי-טער אפ א היפּשע ציַיט זיכ באהאלטנ, אונ געלעגנ איַינגעגעוורעט דאָרט ערגעצ אונטער א וואָלקנדיקנ לאנטוכ, שווארצ אָפּגע-שמירט ווי מיט סמאָלע.

אונדזערע פארשוינענ האָבנ אינ דער פינצטער זיכ געלאָזט

---

1 מושטיר־זאכנ.

גיין איבער דעם הויף און שטילערהייט צוגעגאנגען צום פּלויט. זיי זענען ארופגעקראָכן אויף א בארג מיט האָלץ, און פון דאָרט איז זיי שוין גרינג געווען ארופצוקלעטערן אויפן פּלויט. פלוצלים האָט סענדערל זיך א כאַפּ געטאָן און געזאָגט ביניאָמינען אין אויער אריין:

— אך, ביניאָמין, איך האָב פארגעסן די טאָרבע! זאָל איך מיך אומקערן נעמען די טאָרבע?

— כאָלילע! — האָט ביניאָמין געמאכט. — אומקערן זיך איז א מיִעסע זאך, אז גאָט העלפט א מענטשן, העלפט ער אים אויך אויף א טאָרבע!

— עס קומט מיר איצט פיר, — האָט סענדערל געזאָגט, — וואָס דער זיידע רעב סענדערל, אָלעוו-האשאָלעם, האָט מיך געוואָרנט אין כאָלעם: שטיי אויף, סענדערל, האָט ער געזאָגט, און לויף פונדאנען אוועק, וואוהין די אויגן טראָגן! האלעוויַ זיַין זכוס זאָל אונדז אצינד בייַשטיין. ער איז געווען טאקע מיטן פולן מויל א ייִד, גאָר אָן שום מעלאָכעס, די באָבע, אָלעהאָ-האַ-שאָלעם, פלעגט אלץ דערציילן...

נאָר איידער סענדערל האָט זיך גענומען צו דערציילן, וואָס זיַין באָבע פלעגט אלץ דערציילן פון זיַין זיידן, האָט זיך געלאָזט הערן א קאָל פון א זעלנער, וואָס איז דאָרט אין דער זיַיט גע-שטאנען אויף דער וואך.

אונדזערע פארשוינען האָבן זיך צוגעטוליעט צום פּלויט, אייַנגעהאלטן דעם אָטעם, געלעגן שטיל, קיין ריר זיך נישט צו טאָן, און אויסגעזען ווי צוויי גרויסע אלטע שמאטעס. שפּעטער א ביסל, אז ס'איז ווידער געוואָרן רויִק-שטיל, האָבן די דאָזיקע שמאטעס ארויסגעוויזן א סימען פון לעבן און פּאמעלעך זיך אראָפּגעלאָזט פונעם פּלויט. זיי זענען געקראָכן אויף די הענט

און אפ די פיס און זיך געררוקט פאמעלעך אלץ ווײַטער, ווײַ־טער, ביז גאָט האָט זײ געהאָלפן אויסצומײַדן דעם זעלנער, וואָס אפ דער וואך, און ארויסצוקריכן אין א געסל. אונדזערע פאר־שוינען האָבן זיך אופגעשטעלט אפ די פיס, געשטאנען א ביסל צו כאפן דעם אָטעם, און זיך אָנגעקוקט פריילעך מיט פײַער־דיקע אויגן.

— די באָבע, אָלעאָ־האשאָלעם, פלעגט אלץ דערציילן, — האָט סענדערל אָנגעהויבן צו רעדן, — ווי דער זיידע רעב סענ־דערל, אָלעוו־האשאָלעם, פלעגט בעכאיאָוו [1] אלץ דענקען פאָרן קיין ערעץ־ייִסראָעל. פארן טויט האָט ער זיך אופגעזעצט און געזאָגט מיט די ווערטער: אויב איך האָב נישט זויכע געווען בא גאָט פאָרן קיין ערעץ־ייִסראָעל, בין איך באָטועך [2], אז איינער פון מײַנע קינדער וועט דאָרט זײַן. דאָס הארץ מײַנע זאָגט מיר איצט, אז דאָס האָט ער געמיינט מיך. האלעווײַ פון מײַן מויל אין גאָטס אויערן ארײַן!

נאָר פון סענדערלס מויל אָבער איז גאָר אין אנדערע אויערן ארײַן! קוים וואָס סענדערל האָט ארויסגערעדט דעם ווונטש זײַנעם, האָט פלוצלים איינער אפ מאָסקאָוויטעריש זיי א פרעג געגעבן: ווער איז דאָ? און אז ער האָט נישט באקומען קיין ענטפער, איז ער געשווינד צוגעגאנגען און ווײַטער געפרעגט.

די לעוואָנע האָט, צום שלימאזל, ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטער א פינצטערן שטיק כמארע און באלויכטן אונדזערע בידנע פארשוינען, וואָס זענען געשטאנען אָן לאָשן, טויט ווי די וואנט, און דעם עלטסטן זייערן, וואָס האָט זיך שרעקלעך גע־בייזערט, געמאכט מיט די הענט און זיי, נעבעך, געגעבן אין טאטן און אין דער מאמען ארײַן.

---

1 בא זײַן לעבן. — 2 זיכער.

אין עטלעכע מינוט ארום זענען אונדזערע פארשווינענע גע־
זעסן ווי ארעסטאנטן דאָרט אף דער הויפטוואכטע!

ס'איז גאָר נישטאָ אזעלכע ווערטער צו באשרייַבן די שרעקלע־
כע יעסורים, וואָס אונדזערע פארשווינענע האָבן געפילט, זיצנדיק
אין געפענקעניש. זיי זענען, נעבעך, אראָפ שטארק פונעם פּאָנעם
און געוואָרן פּאָשעט אויס מענטשן. סענדערל כאָטש פלעגט נאָך
שלאָפן, און שלאָפנדיק האָט ער ווייניקסטנס עטלעכע שאָ נישט
געפילט די ביטערע צאָרעס. ער פלעגט נאָך אמאָל האָבן א גוטן
כאָלעם. דער זיידע רעב סענדערל האָט עפּעס אָנגעהויבן עפטערס
זיך צו זען און געטריבן מיט אים שפּאס. ער פלעגט קיינמאָל
נישט קומען ליידיק: אמאָל איז ער געקומען מיט א פייַלנבויגן,
מיט א שווערדל אָדער מיט א האָמאָן־קלעפּל, פלעגט א קניפּ
געבן דעם אייניקל באם בעקעלע און זאָגן מיט א שמייכעלע:
נא דיר, קונדעסל, טשאטשקעלעכ! שפּיל זיך, שקאָצ, דערמיט,
מאכ פוי, פיפ, פּאפּ, סענדערל!.. און אמאָל איז ער געקומען מיט
א דריידל, זיך געזעצט שפּילן מיט זייַן ליבהארצעדיקן סענ־
דערוניען. סענדערל האָט געדרייט, געדרייט, געדרייט, געמאכט
„ג"[1] און געוווּנען באם זיידן א גראָשן... גוט איז דעם מענטשן
אי א גוטער כאָלעם. די וועלט איננאנצן איז דען נישט א כאָ־
לעם? ביניאָמינ אָבער האָט דאָס אויך נישט געהאט, עס האָט
פון אים זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף. ער איז געווען מעשונע צע־
טראָגן, און דאָס בלוט האָט אין אים געקאָכט ווי א קעסל. ער
האָט געזען דורך דעם פענצטער, די זון שייַנט גאָר מעכייַע,
דאָס גרינע גראָז וואקסט און שפּראָצט, ביימער צוויטען ווונדער־
שיין, מענטשן גייען, לויפן אהין און אהער, און פייגל פליִען

[1] אז אויסדרוק באם שפּילן כאנעקע אין דריידלעך, ווען דאָס דריידל פאלט
אפן אָס „ג".

פרײַ אינ הימל. אצינד איז די רעכטע צײַט צו וואנדרעווענ, נאָר ער זיצט אָבער פארשפארט אונ קענ זיך נישט לאָזנ אפּ זײַנ נעסיע. ער פלעגט אזש אונטערשפּרינגענ פאר גרויס אנגמאם־נעפּעש, זיך כאפּנ באמ קאָפּ, ארומלויפנ צעדולט אונ שרײַענ, רעדנ מיט גאל: גוואלד! וואָס האָב איך זיי געטאָנ? גוואלד, גוואלד! וואָס האָבנ זיי צו מיר?..





## דאָס פערצנטע קאפּיטל

## אויס קאַלע—ווײַטער א מויד!

אין דער וואָיענער קאנצעליאריע זענען שפּעטער מיט עטלעכע טעג, נאָכן דער מײַסע מיט אונדזערע פארשוינען, געזעסן א סאך אָפיצירן אין דער פאָלנער פאָרמע, צווישן זיי דער יענעראל מיטן פאָלקאָווניק. אין דער זײַט לעבן דער טיר זענען געשטאנען צוויי זעלנער מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ און האָבן אויסגעזען ווי א מויז, וואָס מען נעמט ארויס פון א לאַדישקע זויערמילכ. די אָפיצירן האָבן געקוקט אפ די זעלנער, זיי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, דערנאָכ צווישן זיכ עפּעס גערעדט און א ביסל אונטערגעשמייכלט.

— הערסטו, סענדערל, — האָט איינ זעלנער שטילערהייט געזאָגט, בעשאס די אָפיצירנ האָבנ צווישנ זיך געשמועסט, — איך זאָל וויסנ מײַנ טויט זאָל דאָ אפילע זײַנ, מוז איך זיי ארויס־זאָגנ דעמ גאנצנ עמעס. איך בינ שטארק אָנגעלאָדנ.

— פונ־מײַנעטוועגנ, בינאָמינ, זאָג דיר זיי דעמ עמעס, — האָט דער אנדערער זעלנער זיך אָנגערופנ, — אויב דו ווילסט אזוי, זאָל זײַנ אזוי, וואָס פאר א דײַגע איך האָב.

— איר זענט עס די לײַט, וואָס האָבנ שפּעט בא דער נאכט זיך ארויסגענאנוועט פונ דער קאזארמע? — האָט דער יענעראל געפרעגט סטראָגע. — איר ווייסט, וואָס קומט פאר אזא שולד?

— אָ־ווא, אָ־ווא! — איז בינאָמינ אפּ גאָטס באראָט ארויס מיט א שפּראכע, האלב ייִדיש, פּאָלאָווינע רײַסיש, אונ אנידער־געלייגט א שמועסל, אז כײַיקל זאיִקע, דער באלדאברענ פונ טונעיאדעווקע, האָט געמעגט, כ׳לעבנ, זיך באגראָבנ נײַנ איילנ אינ דער ערד.

דער יענעראל האָט אוועקגעקערט דעמ קאָפּ מיט א נעלעכ־טער, א מאכ געגעבנ מיט דער האנט, אונ דער פּאָלקאָווניק האָט אָנשטאָט אימ אָנגעהויבנ צו רעדנ.

— איר האָט זיך שטארק פארזינדיקט, אײַך קומט מיִעס צו באשטראָפנ פאר אזא שולד.

—וואשע בלאגאָראָדיע! — האָט בינאָמינ אויסגעשאָסנ אפּ א קאָל, — כאפּנ מענטשנ אינמיטנ העלנ טאָג אונ פארקויפנ זיי ווי הינער אפּנ מארק, דאָס מעג מענ, אונ אז זיי, נעבעכ, ווילנ ניצל ווערנ [1], דאָס רופט מענ אָנ א שולד! אויב אזוי, איז דאָכ טאקע העפקער א וועלט, אונ איך פארשטיי שוינ, אָסער, נישט, וואָס הייסט אזוינס מעגנ אונ נישט מעגנ! אדעראבע, לאָמיר פרעגנ דאָ טאקע מענטשנ, זאָלנ זיי זאָגנ, ווער איז שולדיק.

---

1 זיך ראטעווענ.

אשטייגער, ווי וואָלט געווען, אז מען זאָל אײַך כאַפּן ערגעץ אפן וועג און מיט גוואלד אריַינשטופּן אין זאק אריַין, נו, וואָלט איר, כאָלילע, שולדיק געווען, ווען איר וואָלט מיט אמצום־קוי־עכ [1] פונעם זאק ארויס? איך זאָג אײַך בעפיירעש, דאָס איז געווען לעכאטכילע א געניטע זאכ, א גענארעריַי. שולדיק זענען דאָ נאָר די יִדן, מי־יעדייע וואָס זיי האָבן נאָך אָנגערעדט. מיר זענען אײַך מויסער־מוידאָע [2] — זאָג, סענדערל, זאָג! וואָס שטייסטו ווי א גוילעם? גיי ארויס מיט דעם עמעס אפ גאָטס באראָט, גאָר אָן מוירע, און זאָג מיט מיר אינײנעם: — מיר זענען אײַך מויסער־מוידאָע, אז פון טאכסיסיי־מילכאָמע האָבן מיר נישט געוווּסט, מיר ווייסן נישט און מיר ווילן נישט ווייסן. מיר זענען, באָרעכ־האשעם, באוויַיבטע, האָבן אין זינען עפּעס גאָר אנדערש, און מיט אזעלכע זאכענישן קענען מיר לאכלוטן זיך נישט אָפּגעבן. זיי גייען אונדז אפילע גאָר אין קאָפּ נישט. היַינט, מיילע, וואָס טויגן מיר אײַך? מיר דאכט זיך, אז איר באדארפט אליין וועלן אונדזערער פּאָטער צו ווערן.

און בעעמעס איז ביניאָמין טאקע זייער גערעכט געווען. מען איז נאָך לאנג טאקע גערן געווען זייערער פּאָטער צו ווערן. אז די עלטסטע האָבן זיך געווען צוגעקוקט צו אונדזערע פּארשוי־נען, צו זייער הילעך, צו זייערע פּאָסטעמקעס, צו זייער שמועס, און צו זייערע מארשן, האָבן זיי שוין זיך אָנגעשטויסן, מיט וועל־כע נעפאשעס זיי האָבן צו טאָן, און פלעגן נישט איין מאָל זיך האלטן בא די זיַיטן לאכנדיק. דער קיוון [3] פון דער איצטיקער סאָבראניע אָפּיצירן איז געווען צו נעמען אונדזערע פּארשוי־נען אפן פארהער און פּרוּוון זען, מיט וועמען זיי האָבן אן איי־סעק. ביניאָמין מיט סענדערלען האָבן דאָ זיך פארהערט, און, באָרעכ־האשעם, שטארק אויסגענומען, נאָך מער ווי געוווּנטשן,

1 קויעכ־אָנשטרענגונג. — 2 מעלדן. — 3 דער מיין.

אזוי אז די אלע אָפיצירן האָבן עפּעס מעשונע האנאָע געהאט פאר געלעכטער.

— נו, דאָקטער? — האָט דער יענעראל געמאכט צו איין אָפיציר, וואָס האָט זיך אריינגעלאָזט אין א שמועס און מיט אונדזערע פארשוינען זיך שטארק אָפּגעגעבן.

דער דאָקטער האָט אנידערגעלייגט א פינגער אפן שטערן און געמאכט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט געזאָגט: דאָ פעלט א קלעפּקע!

דער שפּיץ איז געווען, נאָך דעם, אז די אָפיצירן האָבן צווישן זיך גערעדט און עפּעס געשריבן, האָט מען געהייסן אָפּלאָזן אונדזערע פארשוינען פריי פון עמי דינסט.

— גייט אייך, — האָט מען צו זיי געזאָגט, — גייט אייך געזונטערהייט!

בינימין האָט זיך זייער שיין געזעגנט מיט א פארבייג און זיך געלאָזט אוועקגיין.

סענדערל האָט ווי א זעלנער געהויבן פיסלעך און געגאנגען נאָך אים מיט א מארש.



# באמערקונגענ צו „מאסאָעס בּיניאָמינ האשלישי“[1]

די ראָליע פונ די פאנטאסטישע ריטער־ראָמאנענ, וואָס פונ זיי שעפּט סערוואנטע־סעס דאָנ־קיכאָט „קאָנקרעטנ“ מאטעריאל פאר זײַנ צעדרייטנ וועלט־בילד, שפּילנ בײַ בּיניאָמינענ אינ מענדעלעס „מאסאָעס“ די פארשיידענע מיטלעלטערלעכע העברעיִשע אָדער יידיש־איבערגעזעצטע אונ צווישנ די מאסנ פארשפּרייטע רײַזע־באשרײַבונגענ, פאנטאסטישע ביכער וועגנ געאָגראפיע, ווו ס׳געפינענ זיכ אויכ מעשונעדיק פאר־קריפּלטע לעגענדארישע יעדיִעס וועגנ זאָאָלאָגיע, באָטאניק, עטנאָגראפיע אאוו. אינ פארלויפ פונ זײַנע נעסיִעס ציטירט בּיניאָמינ די דאָזיקע ביכער, פונ וועלכע ער האלט, אז זיי זײַנענ דער בעסטער וועגווײַזער פאר אלע זײַנע טריט. פּונקט ווי דאָנ־קיכאָט, האָט אויכ בּיניאָמינ צו קעמפנ קעגנ אויסגעטראכטע מעניִעס אונ איז לאכלוטנ בלינד בענעגייע די עמעסע געפארנ, וואָס לאָקערנ אפ אימ. ביידע אָריענטירנ זיכ אפ פאנטאסטישע אויסטראכטענישנ, פאנטאזירנ אפ דער וואָר אונ פאלנ ארײַנ אינ די קאָמישסטע אונ שווערסטע סיטואציעס.

---

צו דער פאָלקסטימלעכער מיטלעלטערלעכער ליטעראטור, וואָס האָט געשפּײַזט בּיניאָמינ דעמ דריטנ מיט נײַסטע אונ נייטיקסטע יעדיִעס פאר זײַנ גרויסער נעסיִע, געהער אויכ די אזוי גערופענע „רײַזע־באשרײַבונג פונ בּיניאָמינ פונ טודעלא“. דער דאָזיקער בּיניאָמינ פונ טודעלא איז דאָס, לויט מענדעלעס מיינ, בּיניאָמינ דער ע ר ש ט ע ר. מענדעלעס „מאסאָעס“ איז קלוימערשט נאָכגעמאכט לויטנ סטיל פונ די דאָזיקע „מסעות בנימין מטודלה“.

בּיניאָמינ פונ טודעלא (אינ קאנט נאווארא, שפּאניע), א באוווסטער יידישער וועלט־רײַזנדער אינ XII יאָרהונדערט, האָט זײַנ רײַזע־באשרײַבונג ניט אליינ געשריבנ. אנ אנאָנימער שרײַבער האָט זי צונויפגעשטעלט לויט נאָטיצנ, וואָס בּיניאָמינ פונ טודעלא האָט זיכ געמאכט אינ פארלויפ פונ זײַנע (מיסטאמע סאָכרישע) נעסיִעס

---

1 מיר גיבנ דאָ געקירצט מ. ווינערס באמערקונגענ צו „מאסאָעס בּיניאָמינ האשלישי“, געדרוקט אינ מענדעלעס „געזאמלטע ווערק“, ב. III, פארלאג „דער עמעס“, מאָסקווע 1935.

און האָט זיי געבראַכט אין יאָר 1173 קיין קאַסטיליע. זײַן נעסיִע האָט געדויערט 13 יאָר, 1160—1173, זײַן מאַרשרוט איז געווען: סאַראַגאָסאַ, באַרסעלאָנאַ, מאָנפּעליע, איטאַליע, גריכנלאַנד, קאָנסטאַנטינאָפּאָל, סיריע, פּאַלעסטינע, מעסאָפּאָטאַמיע, באַגדאַד — און צוריק: כוזיסטאַן, אינדישער אָקעאַן, יעמען, עגיפּטן, סיציליע, שפּאַניע. בּיניאָמין פון טודעלא איז, ווי פאַר יענער צײַט, געווען א גענוג געבילדעטער מענטש, האָט געהאַט אינטערעס און פאַרשטענדעניש פאַר א סאַך זאַכן, וואָס ער האָט אָפּ זײַנע נעסיִעס געזען, און אויך א באַשטימטן פאַרשטאַנד פאַר געשיכטע. דעריבער האָט זײַן בוך א געוויסן ווערט אַלס היסטאָרישער קוואַלן־מאַטעריאַל פאַר דער דעמאָלטיקער פּאָליטישער געאָגראַפיע, פאַר די דעמאָלטיקע האַנדלס־וועגן, עקאָנאָמיק, פּאָליטיק און קולטור, באַזונדערס פאַר דער געשיכטע פון די ייִדן אין יענער צײַט; פאַר „בּיניאָמין דעם דריטן” זײַנען אָבער די דאָזיקע קוואַלן פון XII יאָרהונדערט — די סאַמע נײַסטע נײַס, דער פאַרלאָזלעכסטער פירער אָפּ זײַן ווײַטן וועגן בּיניאָמין פון טודעלאס רײַזע־באַשרײַבונג ווערט דורכן אַנאָנימען שרײַבער געפירט אין נאָמען פון בּיניאָמין. נאָכמאַכנדיק דעם דאָזיקן גוסעך, שרײַבט אויך מענדעלע אין „מאַסאָעס”: אָמאַר בּיניאָמין — זאָגט בּיניאָמין אַזוי. די דאָזיקע „מאַסאָעס” פון בּיניאָמין „דעם ערשטן” זײַנען צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אין יאָר 1543. א ייִדישע איבערזעצונג איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין אַמסטערדאַם 1691: „דיזי זײַן דיא רײַזי פון רבי בנימין טודעלענס רופא, וועלכי ער דורך די דרייא עקין פון דען עולם געמאַכט האַט”.

דאָס איז, הייסט דאָס, געווען בּיניאָמין דער ע ר ש ט ע ר.

בּיניאָמין דער צווייטער, וועלכן מענדעלע דערמאָנט אין זײַן האַקדאָמע צו „מאַסאָעס” (זע אויבן ז. 5), איז אויך געווען א ייִדישער וועלט־רײַזנדער, וואָס האָט אינעמעסן געהייסן יאָסעפּ ייִזראַעל (געב. 1818 אין פאָלטיטשעני, מאָלדאַוויע, געשט. 1864 אין לאָנדאָן). אורשפּרינגלעך א הענדלער מיט אַלטע זאַכן, האָט ער אָבער באַוויזן א נייגונג צו נעסיִעס, ער האָט זיך געקליבן אופזוכן די פאַנטאַסטיש־לעגענדאַרישע קלוימערשט פאַרלאָרענע „צען ייִדישע שוואָטים”. פון גרויס פאַרערונג צו בּיניאָמין פון טודעלא, האָט ער אָנגענומען זײַן נאָמען און האָט זיך אָנגערופן „בּיניאָמין דער צווייטער”. דער מאַרשרוט פון זײַן וועלט־רײַזע איז געווען: 1844 ווין, 1845 קאָנסטאַנטינאָפּאָל, א ריי שטעט פון מיטללענדישן יאַם, 1847 — 1850 אַלעקסאַנדריע, דורך קײַראָ קיין פּאַלעסטינע, פונדאַנען ווײַטער אָפּ מיזרעך, סיריע, באַבילאָניע, קורדיסטאַן, פּערסיע, אינדיע, קאַבול, אַפגאַניסטאַן, 1851 צוריק קיין ווין. דערנאָך האָט ער געמאַכט א ריי נעסיִעס קיין אַפריקע. 1856 האָט ער אַרויסגעגעבן זײַן בוך „פינף יאָר אַפן מיזרעך” (העברעיִש, דערנאָך איבערגעזעצט אָפּ פראַנצויזיש, און אין א ברייטערער אויסגאַבע אָפּ דײַטש). דײַטשע געלערנטע און וועלט־רײַזנדע (פּ. הומבאָלדט, קײַזערלינג אאַ.) האָבן דעם דאָזיקן בוך געלויבט. 1859 האָט ייִזראַעל געמאַכט א נעסיִע קיין אַמעריקע און האָט זי באַשריבן אין א בוך. 1864 איז ער געשטאָרבן, קימאַט א בעטלער, אין לאָנדאָן.

פון דעם טאַראַראַם, וואָס א ריי זשורנאַלן האָבן געמאַכט וועגן די אופטוען פון דעם דאָזיקן בּיניאָמין II, כוויזעקט דאָס מענדעלע אין זײַן האַקדאָמע צו זײַנע „מאַסאָעס”.

מענדעלעס בינימינ, אלס פאָרזעצער פונ דער בינימינישער רייזע־טראַדיציע, הייסט דעריבער בינימינ דער דריטער.

---

וועגנ די איבעריקע ביכער, וואָס האָבנ בא אונדזער בינימינ דעם דריטנ געשפילט די זעלבע ראָליע ווי בא דאָנ־קיכאָטנ די ריטער־ראָמאַנעג, דארפ מענ אָט וואָס זאָגנ:

1. ראבע־באר־באר־כאָנעס רייזע־מייסעס זיינענ פאנטאסטיש־קאָמישע, לעגענדאַריש־גוזמעדיקע (א לא מינכהאוזענ) אנעקדאָטישע מייסעלעכ, וואָס ווערנ אינעם טאלמוד דערציילט אינ נאָמענ פונ ראבע־באר־באר־כאָנע.

2. די פאנטאסטישע אויסגעטראכטע רייזע־באריכטנ פונ עלדאָד־האדאָני (א רייזנדער, אוואנטיוריסט אונ שווינדלער פונ IX יאָרהונדערט) זיינענ דערשינענ אפ העברעיש 1448 אינ מאנטוא, 1516, 1519 אינ קאָנסטאנטינאָפאָל, אינ פראנצויזישער שפראכ 1838 אינ פאריז. אינ יידישער איבערזעצונג: 1769 אינ פירט (דייטשלאנד), 1849 ווילנע. אינ רוסישער שפראכ: 1841 ספ״ב.

3. „שבחי ירושלים״ (שיווכיי־יערושאָלאימ) — א קלעריקאלישע פאנטאסטיש־לעגענדארישע געשיכטע אונ טאָפּאָגראפיע פונ יערושאָלאימ, ווו ס׳ווערט דערציילט אויכ וועגנ פארשיידענע שטעט אונ קוואָרימ פונ בארימטע לייט אינ פאלעסטינע, וועגנ פארשיידענע „ווונדער״, אויסטערלישקייטנ אאוו. אינעמ דאָזיקנ בוכ ווערט אויכ געבראכט די באשרייבונג פונ איינעמ א רייזנדנס א נעסיע אינ יאָר 1520—1521 פונ ווענעציע קיינ פאלעסטינע מיט קאָלערליי פאנטאסטישע יעדיעס. אונ צומ סאָפ אויסצוגנ פונ בינימינ טודעלאס רייזע־באשרייבונג. דאָס דאָזיקע בוכ איז א קאָמפיליאציע פונ דעמ פארלעגער יאקאָב קאצ בארוכ, אונ איז צומ ערשטנ מאָל ארויס אינ ליוואָרנאָ (איטאליע) 1785. שפעטער איז עס א סאכ מאָל איבערגעדרוקט געוואָרנ: לעמבערג 1799, ווילנע 1817 אאוו.

4. „צל העולם״ (צייל האָוילאָמ) פונ מאטאטיא דעלאקרוט — א פוילישער געלערנטער ייד פונ XVI יאָרהונדערט, וואָס האָט אינ דער יוגנט אויסגעוואנדערט קיינ איטאליע אונ האָט שטודירט אינ באָלאָניער אוניווערסיטעט סכאָלאסטישע פילאָסאָפיע אונ מיסטיק. דעלאקרוט האָט פארפאסט פארשיידענע קאָמענטאריעס צו העברעישע איבערזעצונגענ פונ נאטור־וויסנשאפטלעכע ווערק. „צל העולם״ איז א העברעישע איבערארבעטונג פונ גאָסוענס (Gossouìn) קאָסמאָגראפיע: Lívre de clergîe אָדער L‘ímage du monde. די דאָזיקע העברעישע איבערארבעטונג איז צומ ערשטנ מאָל דערשינענ אינ אמסטערדאמ 1763 אונ איז שפעטער א סאכ מאָל איבערגעדרוקט געוואָרנ.

אזא אונ ענלעכע ליטעראטור מיט פארשיידענע, נאָכ מער פארקריפלענדיקע צוגאָבנ, זיינענ עס אינ „בעסטנ פאל״ (אינ ערגסטנ — זיינענ עס געווענ אויסשליסלעכ די ביבל, דער טאלמוד, מעדראָשימ אונ מיטלעלטערלעכע מוסער־ספאָרימ) געווענ די קוואלנ, פונוואנענ די שטעטלדיקע מאסנ פונ יענער צייט האָבנ געשעפט קאָנקרעטע יעדיעס אונ מאטעריאלנ פאר זייער וועלט־אָנשויונג. אויב מענדעלע האָט א שטיק צייט געהאט איבערגעטריבענע האָפענונגענ אפ די רעזולטאטנ, וואָס קאָנענ קומענ פונ (בלויזער) בילדונג־פראָפּאגאנדע — איז אָבער דאָס דאָזיקע אונטערשטרייכנ דעמ ווערט פונ דער בילדונג פארנ קאמפ קעגנ דער מיטלעלטערלעכער אָפּגעשטאנענ־

קײַט, פאר דער אויסבילדונג פונ א נײַעמ בירגערלעכנ באוווסטזײַנ, פאָרט געווענ א דורכויס אקטועלער, א זייער פראָגרעסיווער אופטו. מענדעלעס שילדערונג פונ ביניאָמינס „ערודיציע” האָט געדארפט דינענ דעמ דאָזיקנ ווערטפולנ פונקט פונ זײַנ מאסקילישער פראָגראמ.

---

אינ דער האקדאָמע צו „מאסאָעס” האָט מענדעלע, דערעכ־אגעוו, אינ צוזאמענ־האנג מיט זײַנ אָפשפּאָטערישער טענדענצ אפ דער מאָשיעכ־ווארטעניש, אָפגעכויזעקט אויכ פונעמ כאָכמאס־האיאהאדוסדיקנ זוכנ די „פארלוירענע צענ יידישע שוואָטימ”, לעמאָשל, אינ צאָפנ־אפריקע בא די נעגרישע טראָגלאָדיטנ (הייל־באוווינער), אינ אביסיניע, אינ אינדיע, כינע, יעמענ, קורצ אומעטומ, ווו סע לאָזט זיכ נאָר. מענדעלע האָט אָפגעכויזעקט פונ דער דאָזיקער זוכעניש, וואָס איז אינ טאָכ א מאָדיפיקאציע פונ מאָשיעכיזמ אונ וואָס זוכט א באשטעטיקונג פאר דער נאציאָנאליסטישער אל־יידישקײַט.

ס'איז אינטערעסאנט, אז ווענ מענדעלע האָט אינ יאָר 1911 (אינ דער העברעישער אויסגאבע פונ זײַנע ווערק, ב. II) איבערגעדרוקט זײַנ העברעישע איבערזעצונג פונ „מאסאָעס”, האָט ער צומ סאָפ פונעמ בוכ [1] צוגעגעבנ א קליינעמ צוגאָב, געהאלטנ אינעמ גײַסט פונעמ אורשפּרינגלעכנ טעקסט, אונ דירעקט פארבונדנ מיטנ אָפשפּאָט אפנ זוכנ די „אסערעס־האשוואָטימ” אונ סאָפקאָלסאָפּ טאקע אויכ אפ דער גאנצער פרומער כאָכמאס־האיאהאדוסדיקער פאָרשונג — פונקט אזוי ווי אינ דער אלטער האקדאָמע צו „מאסאָעס”. אזא צומאָליק אופּגליצנ פונ זײַנע פריערדיקע טענדענצנ קאָנ מענ באמ שפּעטנ מענדעלע אָפט טרעפנ. דעמ דאָזיקנ קליינעמ צוגאָב מענדעלעס וועלנ מיר דאָ ברענגענ אינ א יידישער איבערזעצונג.

דערצו דארפנ מיר אָט־וואָס באמערקנ. זינט דעמ סאָפ XIX יאָרהונדערט האָט זיכ, אונטער דער ווירקונג פונ די פארשיידענע נאציאָנאליסטישע שטרעמונגענ, אינ די קרײַזנ פונ דער בורזשואזער יידישער אינטעליגענצ פארשטארקט דער אינטערעס פאר די פארשיידענע „פארלוירענע טיילנ פונ יידישנ פאָלק” אינ אזיע, אפריקע אאוו. גראָד 1910 לעמאָשל, קורצ פארנ דערשײַנענ פונ מענדעלעס צוגאָב צו די „מאסאָעס”, איז ארויס זשאק פײַטלאָוויטשעס בוכ וועגנ די אביסינישע פאלאשאס (א יודאיזירנדיקער שיווועט אינ אביסיניע — דעמלט אנ ערעכ 50 טויזנט נעפאשעס, וואָס האָט אָבער אכוץ די יודאיסטישע עלעמענטנ אינ דער רעליגיע קיינ שומ שײַכעס ניט צו יידנ, אויכ ניט אינ פראט פונ ראסע). דער דאָזיקער בוכ וועגנ די קלאָמערשטע „פארלוירענע צווײַגלעכ פונ יידישנ פאָלק” האָט ארויסגערופנ א באשטימטנ טאראראמ אינ די יאהודישע קרײַזנ אינ מײַרעוו־אייראָפּע אונ אויכ צווישנ די פארשיידנערליי קלעריקאלע אונ ציעניסטישע קרײַזנ אינ מיזרעכ־אייראָפּע. ס'האָבנ זיכ דעמלט געגרינדעט קאָמיטעטנ אפ צו דערנעענטערנ די פאלאשאס צו די יידנ, אפ ארויסצושיקנ א נײַע עקספּעדיציע אאוו. אינ דער זעלבער צײַט האָבנ זיכ די געלערנטע פונ דער כאָכמאס־האיאהאדוס שטארק גענומענ אינטערעסירנ מיט די כינעזישע „יידנ” פונ קאָכינכינא, מיט „יידנ” טראָגלאָדיטנ אינ צאָפנ־אפריקע אאוו. אפ די דאָזיקע אונ

---

1 כל כתבי מנדלי מוכר ספרים, אודיסא, תרע״א (1911), ב. II, ז. 164.

ענלעכע פאקטן פון פריער גיט דאָס מענדעלע אָן אַנצוהערעניש אין זײַן נײַעם צוגאָב צו „מאסאָעס“. ס׳האָט זיך דאָ אין אים אָפּגערופן דער אַלטער מענדעלע, וואָס קאָן ניט פארלײַדן די דאָזיקע אומגעלומפּערטע ראָמאַנטיק, דעם טומלדיקן אינטערעס פאר עפּעס „יידן“ פון אונטער די האָריי־כוישעך, בײַס סע דארבן און פוילן אין טיפער אָפּגעשטאנענקײַט און צָרעמקײַט ברייטסטע מאסן פון דער באפעלקערונג, גאָר ניט ערגעץ ווײַט, נאָר הארט אונטער דער נאָז.

אין דעם דאָזיקן אינטערעס זעט ער א נײַ־באטלאָנישע מאָדיפיקאציע פון ביניאָמין דעם דריטנס זוכעניש און שרײַבט צו צו זײַן מײַסטער־ווערק א נײַ שטיקל פאמפלעט, וואָס טרעפט מיט פּוסטע, זיכערע קלעפּ ניט בלויז די „פאָרשונגען“ פון די קאָלערליי כאכמיי־האיאהאדוס און קלעריקאלע וויסנשאפטלער פון יענער צײַט, נאָר אויף פאָרויס אויך די גרויסארטיקע „איבערמאָדערנע“ באטלאָנעס, וואָס ווערט פּראָדוצירט צוליב גאָטס נאָמען און אדאנק די קאָלערליי ציוניסטישע פושקעס פון רעב מייער באל־האנעס — אין דער יערושאָלאיִמער „אוניווערסיטה“, און פון פארשיידענע אנדערע אוינעג־שאבעסדיקע געלערנטע אין „די לענדער פונעם גאָלעס“.

מענדעלעס צוגאָב צו „מאסאָעס“ פון יאָר 1911 [1] איבערגעזעצט פון העברעיִש:

# „זאָל זײַן באוווסט און באקאנט

זאָגט מענדעלע מויכער־ספאָרים: ווי איך האלט מיר אזוי אין דרוקן מײַנע מײַסײס וועגן די נסיִעס פון ביניאָמין דעם דריטן, וואָס דערווײַל האָב איך פון זיי ארויסגעבראכט, מיט גאָטס הילף, דעם דאָזיקן טייל, וואָס ליגט פאר אײַך, ראבויסײַ, האָבן די צײַטונגען געבראכט די יעדיִע, אז אונדזער ביניאָמין דער פאָרער קלײַבט זיך איצט א צווייט מאָל, אין דער שפיץ פון א גרופּע פאָרשונג־פאָרערס, אין די ווײַטע לענדער און אינדזלען אף יענער זײַט האָריי־כוישעך, ווו ער איז שוין איין מאָל געווען. די מײַסע דערפון איז אזוי:

דער קאָל פון א נײַעם בוך הערט זיך אין לאגער פון יִיסראָעל — „ספר דרישת כבוד חכמי התורה“ („א בוך, וואָס נעמט זיך אָן פארן קאָוועד פון די טוירע־געלערנטע“ — מ. וו.), ארויסגעגעבן דורך די ריין־פארשטאנדיקע טוערס דאָ אין דער הייליקער שטאָט יערושאָלאיִם — אין יאָר תרנ״ח [2] לפ״ק (לויט דער קליינער יאָרן־ציילונג — מ. וו.). די דאָזיקע טוערס זאָגן אָן און טוען צו וויסן: „האקאָדעש באָרוכ־הו (דה. גאָט — מ. וו.) האָט פאר אונדז אנטפלעקט דעם קוואַל־אויסגאנג פונעם טײַך סאמבאטיען (וואָס ער איז דאָס דאָך א באווײַז, אז שאבעס איז פון גאָט, אזוי ווי אונדזערע לערערס זאָגן) און דער דאָזיקער טײַערער טײַך איז פונקט אזוי, ווי

---

1 מענדעלע האָט אפּאָנעם דעם צוגאָב אָנגעשריבן מיט א צײַט פריער, ווארשײַנלעך קורץ נאָך 1898. אין „אגדות הקדמונים“ („לעגענדעס פון פארצײַטנס“) פארופט זיך מענדעלע (1902) אף פאקטן, וואָס ווערן דערציילט אין דעם דאָזיקן צוגאָב.

2 דער בוך, פון וועלכן מענדעלע האָט דאָ אָפּגעכויזעקט, איז טאקע דערשינען אין יערושאָלאיִם אין יאָר 1898.

ער וואָלט געוועג אָט־אָ פּאַר אונדזערע אויגן... איז טאַקע קעדײַ זיך אין דער דאָזי־קער זאַך ניט צו פֿוילן... נאָר זיך צוצוײַלן און צו ברענגען אַ פּאַרטל, אַז די אַזעס־פּנעמער זאָלן זיך ניט מער דערוועגן גרינג צו שאַצן, כאָלילע, די ווערטער פֿון די כאַכאָמים (רעליגיעזע אויטאָריטעטן — מ. וו.)... דעריבער האָבן מיר געגרינדעט אַ כעוורע מיטן נאָמען „פֿאַרטיידיקערס פֿונעם קאָוועד פֿון די טוירע־געלערנטע" אַף צו מאַכן די נעסיִע אַהין און צוריק... און מיר בעטן פֿון אַלע, וואָס דער קאָוועד פֿון גאָט און דער קאָוועד פֿון זײַנע כאַכאָמים איז זיי ציטעריק, אַז זיי זאָלן אונדז העלפֿן און זאָלן זיך באַטייליקן מיט אונדז אין אונדזער כעוורע אָדער אַלס פּאָרערס אָדער אַלס מיטהעלפֿערס פֿון דער נעסיִע, יעדער לויט וויפֿל זײַן האַרץ וועט באַ־וויליקן צו געבן... דער איניקער פּאָדערט גרויסע הויצאָעס אַף צו דערלאַנגען מאַ־טאָנעס און אַף געבעט (דה. אַף כאַבאַר פֿאַר פֿאַרשיידענע באַאַמטע — מ. וו.)... אַף צו באַצאָלן בילעטן... און שפּײַז אַפֿן וועג... אַף צוצוגרייטן, אַז מיר זאָלן האָבן די מעגלעכקײַט צו דאַוונען ווי געוויינלעך די טפֿילעס און אויך די וועג־טפֿילעס יעדן טאָג מיט אַ מיניען מענטשן... פֿון די פּאָרערס, וואָס דאַרפֿן דעריבער פּאָרן צוזאַמען אירע איניינעם.

בּיניאָמין האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך געפּעדערט און גענומען סענדערל ד־י יִידענע, זײַן טאַלעס און טפֿילן, זײַן שטעקן און זײַן קלומעקל, און האָט זיך באַ־העפֿט צו יענע בעקאָוועדע טוערס, די ריין־פֿאַרשטאַנדיקע. און איצט פֿירט ער זיי ווי אַ פֿערד אין דער שרעקלעכער מידבער, וואָס איז פֿול מיט עגדעשן און פֿיפֿערנאָ־טערס און טיראַנען פֿון די פֿעלקער ווי פּרישטאַ יואַן און קאָפּר אַל טורק. און איך בענטש אים פֿון טיפֿסטן האַרצן: זאָל גאָט באַגליקן זײַן וועג און זאָל אים אונדז אומקערן בעשאָלעם. און איך וועל זיך באַמיִען צו וויסן טון צווישן אַלע יִידן אויך די מײַסעס פֿון זײַן צווייטער נעסיִע".

---

אין זײַן פּאַראָדיע „אגדות הקדמונים" („לעגענדעס פֿון פֿאַרצײַטנס"), וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דער זאַמלונג „אחיאסף" פֿון יאָר 1902, זז. 145 — 147, גיט מענ־דעלע אַ צוזאָג אויספֿירלעך צו דערציילן וועגן די ווונדערבאַרע פּאַסירונגען, געשעענישן און רעזולטאַטן פֿון דער דאָזיקער צווייטער נעסיִע ביניאָמינס צו די רויטע יִידעלעך איניינעם מיט די אויבן דערמאָנטע „ריין־פֿאַרשטאַנדיקע טוערס" פֿון יערושאָלאַיִם. דערווײַל באַנוגנט זיך מענדעלע בלויז מיט אַ קורצן באַריכט אין דער פֿאָרם פֿון אַן אוראַלטער לעגענדע, פֿון אַן אגאָדע, וואָס ביניאָמין האָט מיט־געבראַכט פֿון די רויטע יִידעלעך. די דאָזיקע לעגענדע איז קלאָמערשט אוראַלט, זי אַנטהאַלט אָבער נעוויִעסן אַף דער צוקונפֿט, דעריבער ווערט אין איר שוין פּאָרויס־געזען דאָס אָנקומען ביניאָמינס צו די רויטע יִידעלעך. ווי געוויינלעך אַלטע לעגענדעס און דאָקומענטן זײַנען די דאָזיקע אגאָדעס פֿאַרהוילן און אומפֿאַרשטענדלעך, צום טייל פֿאַרגרײַזט, די פֿאַרשיידענע טיילן דורכגעוואָרפֿן, דער אָנהייב אין דער מיט אאַוו. דאָס אַלץ קלײַבט זיך מענדעלע, קלאָמערשט, קאָרעגירן, אויסטײַטשן, אויס־שטעלן אַפֿן ריכטיקן אָרט. די אַלטערטום־פֿאָרשערס האָבן, דערציילט מענדעלע, דאָס שוין אָפּגעדרוקט אַף דײַטש און ענגליש (אָפּשפּאָט אַף דער „וויסנשאַפֿט פֿון יִידנטום" אין די פֿאַרשיידענע שפּראַכן) און מע האַלט דאָס אין איין פּאָרשן. דער־

ווײַל אָבער, זאָגט מענדעלע, אײדער מע װעט דאָס דורכזיפּן דורך דרײַצן זיפּן, װיל ער דאָס אָפּדרוקן אין העברעיִשן אָריגינאַל בלויז אײן מאָל דורכגעזיפּט. ברענגט מענדעלע דעם קלאָמערשטן טעקסט פון אזא אגאָדע מיט אויספאריכטונגען, קאָנ־יעקטורן, אויסטײַטשונגען אונטערן טעקסט און מיט אַלע קונצן פון דער ארכעאָ־לאָגישער טעקסט־קריטיק. און די דאָזיקע פאראָדיסטישע אגאָדע אײנײנעם מיט די אויסטײַטשונגען אנטהאַלט אײגנטלעך אין זיך דעם באריכט װעגן בּיניאָמינס צװײ־טער נסיָע.

דער אינהאַלט פון דעם באריכט איז אינקורצן אזא.

די עקספּעדיציע פון די „רײן־פארשטאַנדיקע טוערס" פון יערושאָלאיִם, אײנײנעם מיט בּיניאָמינען און סענדערל די ייִדענע, איז אָנגעקומען ביז צום טײַך סאמבאַטיען. אָבער דאָ האָבן שוין די „רײן־פארשטאנדיקע טוערס" מוירע געהאַט װײַטער צו גײן, זײ האָבן זיך דערשראָקן פאר די אומגעהײַערע בערג, פאר די שרעקלעכע שטורעמ־װינטן, פאר דער פינצטערניש און פארן סאמבאטיען, װאָס האָט געפּערלעך געררוישט, געטראסקעט מיט שטײנער אאזװ. זײַנען זײ געבליבן טרויעריק זיצן מיט זײער געפּעק און פונדערװײַטנס געקוקט אפן סאמבאטיען. „בּיניאָמין האָט זיך אנידערגעלײגט באַם ברעג פון דעם טײַך, אפן זאמד, און ארײַנגעקוקט אין א סײפערל, בײַס סענדערל איז לעבן אים געזעסן און געשײלט קארטאָפליעס אפּ װעטשערע. פּלוצעם שפּרינגט בּיניאָמין אוף װי א לײב און זאָגט מיט באַגײַסטערונג:

— הוישײַנאָ, סענדערל! װילסט פליִען?

— פליִען מיטן קאָפּ אראָפּ אין טיפער גרוב און ברעכן רוק־און־לענד װילסטו, בּיניאָמין? — האָט סענדערל קאלטבלוטיק געפרעגט און זיך ניט אָפּגעקערט פון די קארטאָפליעס, װאָס ער האָט געהאַלטן אין שײלן.

— נײן, סענדערל, פליִען צום הימל און העכער און העכער.

— מיט בלויזע הענט און פיס?"

ס'האָט זיך ארויסגעװיזן, אז בּיניאָמין האָט נאָרװאָס ארויסגעלײענט פון בּיניאָ־מינס טודעלאס רײַזע־באשרײַבונג, װיאזוי יאם־רײַזנדע, װאָס זײער שיף װערט דורך שטורעמ־װינטן פארװאָגלט אין אײַז־יאם, ראטעװען זיך ארויס פון זײער האָפענונג־לאָזער לאגע. זײ קריכן ארײַן אין א פעל פון א בעהײמע און נײען זי פון אינװײ־ניק צו. דערנאָך װארפן זײ זיך, אזוי אין דער פעל, אנידער אפן אײַז, קומט טײקעפּ צו פליִען אן אָדלער, װאָס װערט אָנגערופן „גריפון" (דה. Greif—Гриф), װײַל ער מײנט, אז דאָס איז א בעהײמע, פּאקט די פעל, און פליט מיט איר צו דער טריקעניש, קעדײ זי דאָרט, די קלאָמערשטע בעהײמע, אפּ א פעלדז־שפּיץ אופצו־פרעסן. מוז דעמלט דער מענטש גיך אופשנײַדן מיט א מעסער די פעל, ארויסקריכן פון איר און דערהארגענען דעם אָדלער. דערנאָך מוז ער גײן און זוכן די ערטער, װוּ מענטשן װױנען.

בּיניאָמין האָט פאָרגעלײגט דער עקספּעדיציע, אז זײ זאָלן זיך אַלע אפּ אזא מין קונציקן אופן אריבערפּעקלען איבערן טײַך סאמבאטיען און איבער די פינצטערע הויכע בערג צו די רויטע ייִדעלעך. האָבן די אָנטײלנעמער פון דער עקספּעדיציע מוירע געהאַט און זיך אָפּגעזאָגט. בלויז בּיניאָמין און סענדערל האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און געטאָן אזוי װי די פארװאָגלטע יאמען־פאָרערס. קײן בעהײמישע פעלן האָבן זײ ניט געהאַט, האָבן זײ זיך באַנוצט מיט זײערע לעדערנע טשעמאָדאנעס. טײקעפּ האָט זײ דער אָדלער גריפון געפּאקט און איז מיט זײ

אַריבערגעפלויגן צום לאַנד פון די רויטע יידעלעך. ווי נאָר סענדערל איז אַרויס
פונעם טשעמאָדאַן, האָט ער פריער פאַר אַלץ אָנגעהויבן שטעלן פיס און ווייזן די
רויטע יידעלעך א סאָלדאַטישן מאַרשיר, קעדיי זיי זאָלן זען, אַז ער פאַרשטייט
אויך א טאָלק אין מילכאָמע־זאַכן. דאָ איז זיך אים צוניץ געקומען דאָס, וואָס ער איז
אַמאָל געווען א ר[illegible]קר די רויטע יידעלעך האָבן זיי ביידע גאָר גרויסאַרטיק
[illegible]נגעשטאָפּט זיי מיט גאָלד און זילבער און טייערע זאַכן. צוריק זיינען
[illegible] געפלויגן [illegible] אהינצו. א טייל פון די זאַכן, וואָס זיי האָבן געבראַכט, זיינען
איבערג[illegible] געוואָרן דעם בריטישן מוזיי אין לאָנדאָן, זיי שטייען דאָרט גאָר
אויבנאָן, און אַלע מענטשן כידעשן זיך אָן אַן עק. אַזוי לעמאָשל א פלעשל זאַמד
פונעם סאַמבאַטיען. א גאַנצע וואָך שטורעמט און ברויזט דער זאַמד אינעם פלעשל,
אָבער שאַבעס רוט ער. איז דאָס אַן איניען פאַר ניט־יידן, אָבער פאַר יידן האָבן
ביניאָמין און סענדערל געבראַכט עפּעס בעסערס, פאַרשיידענע טוירעס און אַגאָדעס
פון די רויטע יידעלעך. איינע פון זיי איז דאָס טאַקע די דאָזיקע קונציקע פאַראָדיע,
וואָס אַנטהאַלט אין זיך (אַלס נעוווע) דעם באַריכט, וואָס מיר האָבן נאָרוואָס איבער־
דערציילט.

מענדעלע כויזעקט דאָ סיי פון די ווילד־באַטלאָנישע ראַזבאָנים סיי פון די כאָכ־
מאָס־האַיאַהאַדוכניקעס, פון דער נאַציאָנאַליסטישער ראָמאַנטיק און, אין אָנצוהערע־
נישן, אויך פונעם ציוניזם.

---

Обложка, титул, заставки и концовки художника *Горшмана М. Е.*

Редактор *А. Фрумкин.* Техн. редактор *А. Кантор*

Подписано к печати 30 I-1948 г. Б—00205. Печ. л. 5.5. Уч.-изд. л. 6,64
Тип. зн. в листе 44 800. Формат 70x108 1/32. Тираж 10 000. Зак. 173. Ц. 3 р.

Типография Госиздательства „Дер Эмес“, Москва, Старопанский пер., 1.

3 руб.

ISBN:0-657-12776-0



МЕНДЕЛЕ МОЙХЕР-СФОРИМ

# ПУТЕШЕСТВИЕ ВЕНИЯМИНА ТРЕТЬЕГО

ОГИЗ
Госиздательство „Дер Эмес"
Москва, Старопанский пер., 1.